

מײַן אַנטאָלאָגיע, איז מײַן אייגענער אָפּקלײַב פֿון אַלע מײַנע לידער־ביכער — אָנהייבנדיק פֿון מײַן ערשטן ארץ־ישׂראל־בוך „אין זוניקן לאַנד“ וואָס איז דערשינען אין וואַרשע, אין יאָר 1927, ביז מײַן לידער־בוך „אין ווײַסן עלטער“ — דערשינען אין תּל־אביב, אין יאָר 1976.

וואָס אַן אמת, וואָלט די אַנטאָלאָגיע געקאָנט און געדאַרפֿט זײַן גרעסער און פֿאַרנעמיקער — ווען ס׳וואָלטן געווען דערצו די נויטיקע פֿינאַנסיעלע מיטלען, וועלכע כ׳האָב, לײדער, נישט געקאָנט שאַפֿן און, כ׳מוז בעל כּורחו זיך באַגניגענען מיט ווייניקער, זײַן הייסט עס, אַ מסתּפּק אויך מיט מײַן גײַסטיקן ברויט...

דאָס פּראָבלעם מיט אַ דערשינענעם ייִדיש בוך ליגט אָבער נישט אין דער צאָל בויגנס אינעם בוך, און אַפֿילו נישט אין דער קוואַליטעט זײַנער.

דאָס פּראָבלעם פֿון אַ ייִדיש בוך אין דער טרויעריקער צייט פֿאַר ייִדיש, איז: ווו איז דער אָפּנעמער פֿאַר אַ ייִדיש בוך? ווי אַזוי זאָל מען אים פֿאַרקויפֿן נישט נאָר אין די פֿרעמדע לענדער ווו ייִדן זענען אַ מינדערהייט, נאָר בײַ זיך צווישן בלויז ייִדן — אין ישׂראל, ווו דער מדינה־פּרעזידענט פּערזענלעך — באַגריסט די ייִדיש־לאַורעאַטן פֿון דער מאַנגער־פּרעמיע מיט אַ וואַרעמער רעדע אויף ייִדיש — אין דער צײַט ווען קיין איין ביבליאָטעק אין לאַנד, קויפֿט נאָך אַלץ נישט קיין איינציקן עקזעמפּליאַר פֿון אַ ייִדיש בוך, און קיין איין בוכהענדלער נעמט נאָך אַלץ נישט אַרײַן אין זײַן בוכהאַנדלונג קיין ייִדיש בוך; ווייל אים נאָך אַלץ נישט האָבן בײַ זיך אין די פֿענצטער — צוזאַמען מיט העברעיִש און, להבדיל מיט דײַטש, רוסיש, ענגליש און אַנדערע לשונות.

ס׳איז פּשוט נישט צום פֿאַרשטיין אַזאַ קאָנסעקווענטע פֿײַנטלעכע איגנאָראַנץ מצד ייִדן צו ייִדיש וואָס איז שוין, אַגב, לאַנג נישט קיין „געפֿאַר“ פֿאַר דער העברעישער שפּראַך און קולטור.

---

וואָס שײַך דעם סדר אין דער אַנטאָלאָגיע, האָב איך די לידער אײַנגעטײלט טעמאַטיש, לויט דעם אינהאַלט זייערן און, נישט כראָנאָלאָגיש, לויט די דאַטעס ווען זיי זענען געוואָרן געשריבן אָדער געדרוקט — מחמת איך האַלט אַז די דאַטע (די צײַטלעכקייט) פֿון אַ ליטעראַרישער שאַפֿונג, ליגט אין דער שאַפֿונג גופֿא.

י. פּ.

זאָל זײַן אַז איך בוי אינדערלופֿט מײַנע שלעסער,
זאָל זײַן אַז מײַן גאָט איז אינגאַנצן נישטאָ —
אין טרוים איז מיר העלער, אין טרוים איז מיר בעסער,
אין חלום — דער הימל — נאָך בלאָער פֿון בלאָ.

זאָל זײַן אַז כ׳וועל קיינמאָל צום ציל נישט דערלאַנגען,
זאָל זײַן אַז מײַן שיף וועט נישט קומען צום ברעג —
מיר גייט נישט אין דעם, איך זאָל האָבן דערגאַנגען,
מיר גייט נאָר — דער גאַנג אויף אַ זוניקן וועג.

# היים און פֿרעמד

## היימוויי

דער עפּל פֿאַלט נישט ווײַט פֿון בוים
און היימוויי, איז נישט קיינעם פֿרעמד
אין בענקשאַפֿט נאָך דער ווײַטער היים,
וואָס נאָנט איז, ווי צום לײַב דאָס העמד ;

און היימוויי איז אַ טיפֿע ווונד
אין שטאַם, וואָס זײַנע וואָרצלען שלאָגט
אַפֿילו אין אַ וואַגאַבונד,
וואָס האָט פֿון היים זיך אָפּגעזאָגט.

## מייַן משפּחה

מייַן משפּחה איז אַ וואַלד פֿוןביימער אַלערליי:
דער טאַטע — אַ דעמב,
די מאַמע — אַ סאָסנע,
די פֿעטערס זענען אָלשינעס,
די מומעס — יאָדלעס,
און מיר, די קינדער —
קלאָגנדיקע ווערבעס בייַ דער זייַט...

איז מען פֿון דער נאָנט זיך פֿרעמד און ווייַט,
ווי איין ברעג ים פֿון אַנדערן,
און אָנגעברוגזט אונטער הימלען האַרבסטיקע...

און שטענדיק, ווען עס טוט דער דעמב אַ קרעכץ —
צעוויגט די סאָסנע זיך,
און באַלד נאָך איר — די יאָדלעס און די אָלשינעס,
די ווערבעס טרייסלען זיך
און ציטערן פֿאַר שרעק,
און ס׳רוישט דער וואַלד מיט ערב־שטורעם
איבער אַלע קעפּ.

# דער קוואַל פון מײַן אומעט

מײַן היים איז געווען דער קוואַל פֿון מײַן אומעט און טרויער.
דער ברונעם, וואָס האָט נישט דעם דאָרשט מײַנעם שטילן געקענט,
די אָפֿענע תּפֿיסה ווו כ׳האָב נישט געפֿונען דאָס טויער —
צו קאָנען אַרויס פֿון די ענגע פֿאַרחושכטע ווענט.

דער טאַטע, די מאַמע, איין שוועסטער, פֿינף ברידער — אינאיינעם
האָט יעדער באַזונדער, פֿאַרשלאָסן בײַ זיך אין דער צעל —
אַן אויסוועג געזוכט, און נישט רעדנדיק קיינער צו קיינעם —
אַ שפּאַן נישט אַריבערגעגאַנגען דער אייגענער שוועל...

אַזוי, האָט פֿאַרפֿרעמדט, אינדערשטום, יעדער איינער געליטן,
און קיינמאָל — זיך איינער צום צווייטן, מיט עפּעס געווענדט;
אַזוי זענען אַלע געוואַקסן פֿאַרזעגט און פֿאַרשניטן,
און ס׳האָבן זיך אָפּטמאָל געשלאָגן אַכט קעפּ, אָן אַכט ווענט.

## קאָן זײַן...

קאָן זײַן, קאָן זײַן, אַז אין דער וויג נאָך
האָט מען מיך געלערנט זײַן אַליין,
און פֿרי מיך אויפֿגעהערט צו וויגן און פֿאַרוויגן,
און אַ נישט־אַנטוויינטס —
געלאָזט מיך שעהען קײַכן פֿון געוויין,
ביז כ׳פֿלעג אַ מידס, אַ העשענדיקס —
אָן כּוחות בלײַבן ליגן,
אײַנגעשלאָפֿן מיטן שטומען הייסן, קינדישן באַגער —
ווען אויף די אייגעלער די רויטע
האָט געפּערלט און געלויכטן נאָך די טרער...

קאָן זײַן, קאָן זײַן —
האָט קיינער נישט געזען ווי איך אַליין,
אַ קריכנדיקער קראַט אויף אַלע פֿיר —
האָב פּלוצעם זיך אַ שטעל־געטאָן
און אָנגעהויבן פֿאַלנדיק צו גיין,
און ס׳האָט די מאַמע מיר נישט אויסגעשטרעקט די אָרעמס,
נישט גענומען פּאַטשן מיט די הענט, פֿאַר פֿרייד,
און נישט צעשריגן זיך פֿאַר גליק:
— עס גייט שוין! ס׳גייט!

און ווי ס׳איז קיינער נישט געווען בײַ מײַנע ערשטע טריט —
האָט קיינער נישט געהערט פֿון מיר די ערשטע רייד,
האָט קיינער נישט געהערט פֿון מיר דאָס ערשטע ליד,
דאָס ליד פֿון שווערגעמיט —
נאָך נישט צעבליטערהייט.

אַז כ׳האָב דאָס ערשטע מאָל, ווי פֿרעמד, פֿאַרלאָזט די היים —
האָט קיינער מיך צום וועג אַרויסבאַגלייט,
האָט קיינער מיר די ברכה אויפֿן וועג נישט מיטגעגעבן:
שטילקייט האָט פֿאַרמאַכט נאָך מיר די טיר,
ווען ס׳איז אַרויס מיט מיר, די שוועסטער — איינזאַמקייט,
פֿאָרויס געגאַנגען איז די אומבאַקאַנטע ווייַט,
פֿון הינטן האָט מיר נאָכגעקוקט באַדויער,
דער שאָטן איז געגאַנגען, ווי אַ קנעכט אַ שוואַרצער
בייַ דער זייַט,
און פֿעסט צום האַרץ, האָב איך געדריקט
דאָס קינד מיינס: טרויער.

## בײַם טאַטנס טיש

דער טאַטע, די מאַמע, איין שוועסטער, פֿינף ברידער.
ס׳איז מיטאָג. אַכט טעלער, אַכט לעפֿל, ווי רידער,
אַכט קעפּ, ווי די אַנקערס — בײַ יעדן געבויגן,
פֿאַרזונקען אין זיך, מיט פֿאַרנעפּלטע אויגן.

מ׳זיצט אַרום טיש, ווי ס׳וואָלט קיינער געזעסן
מ׳עסט, ווי ס׳וואָלט יעדער אַליין זיך געגעסן,
אַליין זיך דאָס האַרץ מיטן מעסער געשניטן,
ווי יעדער וואָלט וועלן זײַן אָפּגרונט פֿאַרשיטן...

און שווער ווי אַ שטיין איז בײַ יעדן דער ביסן,
מ׳קאָן נישט צעקייען, וואָס יעדער וויל וויסן
און פֿרעגט עס בײַ זיך, אין פֿאַרביסענעם שווײַגן:
פֿאַרוואָס, בלוט פֿון בלוט, איז זיך פֿרעמד און נישט אייגן.

דער טאַטע, די מאַמע, איין שוועסטער, פֿינף ברידער.
נאָך מיטאָג — צעגייט מען ווי אורחים זיך, ווידער
צוריק אין אַכט וועלטן; צוריק אויף אַכט ימען,
וואָס ברענגען אין שטורעם, אַכט שיפֿלער צוזאַמען...

## דער מאַמעס שלאָף

חלומט זיך מײַן קראַנקער מאַמען, יעדע נאַכט, דער טויט.
זי װיינט פֿון שלאָף און ס׳קלאָגט איר קול, װי װײַט און אומבאַקאַנט,
און אַלע כאַפּן מיר זיך אויף דערשראָקענע פֿון שלאָף,
און זעען: ס׳נעמט דער טאַטע איר פֿון האַרץ אַראָפּ די האַנט.

װערט שטילער נאָך װי ס׳איז געװען, און אומהיימלעך אַזוי,
װי נאָר־װאָס װאָלט מען פֿון דער שטוב אַרויסגעפֿירט אַ מת,
און אַז מיר שטייען אויף, נישט אויסגעשלאָפֿענע, די נאַכט —
דערזעען מיר פֿאַר זיך דעם טאָג, װי אונדזער גרויסן נס...

## דעם טאַטנס שלאָף

שלאָפֿט שוין דער טאַטע נישט רויִק אַדורך זײַנע נעכט,
עס וועקט אים כּסדר פֿון שלאָף דאָס געשריי פֿון דער נויט,
און כ'הער ווי ער זאָגט מיט אַ קרעכץ צו דער מאַמען:
ס'איז שלעכט!
און ווינטשט זיך, אַז — איידער אַ לעבן אַזאַ־אָ — דעם טויט.

און ס'טרייסט אים די מאַמע: ס'וועט בעסער זײַן, שלאָף שוין,
ס'איז שפּעט!
און ווידער דערטרינקט און פֿאַרזינקט אַלץ אין פֿינצטערניש טיף,
ווי יעדער וואָלט שווימען אין שלאָף, אויף אַ הוידנדיק ברעט —
מיט מורא, אַז אונטערגיין זאָל נישט די שטוב, ווי אַ שיף.

שלאָפֿט נישט דער טאַטע. אינדרויסן — באַגינען שוין באַלד.
עס בלאָט און — ער קרעכצט, ווי אים וואָלטן די כּוחות פֿאַרלאָזט,
און ס'דאַכט מיר: ס'איז ווינטער, עס קנאַקט־ווו אַ דעמב אין אַ וואַלד
און פֿאַלט מיט אַ דונער — אַנידערגעלייגט פֿונעם פֿראָסט.

## כּ׳קאָן שוין נישט מער

— כ׳קאָן שוין נישט מער! — האָט דער טאַטע געזאָגט,
און צו ווייַזן ווי שווער ס׳איז די לאַסט, וואָס ער טראָגט —
פֿאַרריסן די אויגן, צום הימל געווענדט,
און פֿונאַנדערגעקרייצט די פֿאַרהאָרוועטע הענט.

— כ׳קאָן שוין נישט מער! כ׳האָב גענוג אייַך געדינט!
און די הענט, ווי צוויי פֿליגל, צעבראָכן פֿון ווינט —
אַראָפּגעלאָזט שווער, אין זייַן אייגענער וועלט,
און געשטאַנען, ווי ס׳וואָלט זיך אַ מיל אָפּגעשטעלט...

## אַ היים אַזאַ...

ווער ס'האָט געהאַט אַ היים אַזאַ ווי איך,
אַ קינדהייט אָט אַזאַ, ווי איך אין איר —
נאָך דעם וועט שוין אַ לעבן לאַנג אַזוי,
דער טרויער נאָכגיין, ווי ער גייט נאָך מיר;

דער וועט, ווי איך — דאָס גאַנצע לעבן שוין
אַרומגיין מיט אַ נישט־פֿאַרהיילטער ווונד,
און זיך אַליין אַרומלעקן פֿון איר
דאָס בלוט, דאָס טריפֿנדיקע — ווי אַ הונט.

## פון טאַטנס בריוו

פֿון טאַטנס בריוו האָב איך געזען :
סוף־האַרבסט אין וואַלד פֿון מײַן משפחה.
אויף צעצווײַגטע קעפּ, ווי שפּינען־נעסטן —
ליגט די גראָקייט, ווי אַ דינער מעל־שטויב אין אַ מיל,
און שיטערלעך זעט אויס דער וואַלד —
כאָטש מען האָט אים נישט געהאַקט,
נאָר בלויז אויף איבערפֿלאַנץ —
פֿון דאָ און דאָרט, אַ בלײַענדיקן בוים אַרויסגענומען.

לייען איך און לייען ווײַטער —
זע איך : ערשטער שנייפֿאַל,
וואַלד איז ווי אַ זילבערנעץ צעהאָנגען
אויף די פֿרירנדיקע בלאָע הימל־ראַנדן ;
קראָען פֿלײַען איינער נאָכן צווייטן —
מיט געהיימער, שוואַרצער פֿרייד אויף פֿליגל,
און דער שניי, ער הערט נישט אויף צו שיטן,
שיט און שיט,
און לייגט זיך מיט דער לײַכטקייט —
שווער, אויף מײַן געמיט.

## די היים פֿון מײַן וויג

אַז כ׳דערמאָן זיך מײַן היים, זע איך: הימלען פֿאַרצויגן
מיט וואָלקנס פֿון בלײַ,
אונטער זיי: טשאַטעס קראָען, וואָס קרײַזן און צ׳יען
ווי שנירן פֿאַרבײַ,
ס׳פֿליען פֿייגל צעשראָקן מיט אומרו אין זייערע נעסטן אַרײַן,
און עס זינקען די קעפּ פֿון דיביימער, וואָס קורטשען
פֿון פּחד זיך אײַן...

אַז כ׳דערמאָן זיך מײַן היים, הער איך: הונגעריק וועלפֿיש
געוואָי פֿון אַ ווינט,
און אַ הייזעריק בילן פֿון בייזע, צערייצטע, געבונדענע הינט,
אַ בהלהדיק קלאַפּן פון טירן און טויער׳ן, וואָס ווערן פֿאַרמאַכט
און פֿאַרהעמערט אויף שטאַבעס, אויף ריגלען און שלעסער,
כאָטש ווײַט איז צו נאַכט...

אַז כ׳דערמאָן זיך מײַן היים, פֿיל איך: ווערט מיטאַמאָל אין
די בלוטן מיר קאַלט,
ווי כ׳וואָלט בלאָנדזשען און פֿרירן פֿון פֿראָסט, אין
אַ שניי־ווײַסער נעץ פֿון אַ וואַלד,
און כ׳דערמאָן זיך, אַז כ׳האָב אין דער יוגנט, שוין אַלט,
אַזוי אַלט זיך געפֿילט,
און נישט שפּילנדיק זיך מיט קיין קינדער — אַ לעבעדיק
לעבן פֿאַרשפּילט.

## צום לאַנד פֿון מײַן וויג

אָ, פֿאָטערלאַנד פּוילן! מײַן היים דו פֿון שׂנאה און האַס!
עס ברענט, ווי אַ בלוטיקע ווונד מיר, דער פּוילישער פּאַס;
אַ פּאַס פֿון אַ בירגער, אַז רעכט פֿאַר מײַן ייִדישן שטאַם,
וואָס וואָרצלט און זוויגט פֿון דײַן ערד, אַנשטאָט חיות — נאָר סם.

ווי זאָל איך דיך, ווײ־לאַנד, נישט ביטער דערמאָנען לגנאַי —
אַז כ׳בין אויף די פֿעלדער די פֿרײַע, בײַ דיר שוין נישט פֿרײַ.
אַז כ׳קאָן שוין אַפֿילו נישט דורכגיין מײַן ייִדישער גאַס —
עס זאָלן נישט פֿאַלן אויף מיר דײַנע שטיינער פֿון האַס.

„מײַן פֿאָטערלאַנד" — זאָג איך, און — ס׳קלינגען
די ווערטער מיר פֿרעמד
און קאַלט, ווי עס איז אין אַ מלבוש, ווען ס׳לײַב טראָגט קיין העמד,
און ווײַט ווי ס׳וואָלט קיין מאָל בײַ דיר נישט געשטאַנען מײַן וויג,
און שפּעטער: דאָס בעט מײַנס, פֿאַר אַלע חלומות פֿון גליק.

מײַן היימלאַנד! שוין יאָרן, ווי כ׳האָב דיך פֿאַרלאָזט און אַוועק,
און האָב זיך נאָך אַלץ נישט באַפֿרײַט פֿונעם ציטער און שרעק
פֿאַר גרוילן, וואָס גרײַכן צו מיר פֿון דײַן פֿינצטערער ווײַט,
ווו ס׳ווערן פֿון פּײַן מײַנע א ײ ג ע נ ע גראָ פֿאַר דער צײַט.

ווי שיין ביסטו, פֿאָטערלאַנד פּוילן, ווי זאַפֿטיק און רײַך!
נאָר, וואָס קומט אַרויס מיר, דײַן בירגער, מיט בירגער נישט גלײַך,
אַ בירגער פֿון בירגער, וואָס אָטעמען שׂנאה און האַס
און וואַרטן, צו קאָנען דיר אומקערן ווען־סאיז — דעם פּאַס.

## לאַנד און היים

יעדעס לאַנד, יעדע היים, האָט איר זינגער,
וועלכער זינגט פֿון איר טרויער און פֿרייד;
מיט אַ היים איז אויך לײַכטער און גרינגער
צו פֿאַרטראָגן די פֿרעמד, אין אַ נויט.

יעדער מענטש מוז פֿאַרבונדן מיט ערד זײַן,
ווי אַ בוים, וועלכער ציט פֿון איר זאַפֿט;
און אַ דיכטערס אַ ליד קאָן דערהערט זײַן,
אויב עס אָטעמט מיט ערדישער קראַפֿט.

וואָס׳ער היימלאַנד — אַזעלכע געזאַנגען,
וואָס׳ער לעבן — אַזאַ דאָס געמיט;
יעדעס לאַנד גיט איר זינגער די קלאַנגען,
יעדע היים איז דער שליסל צום ליד.

# פֿונדערפֿרעמד

ס'איז ווײ צו דעם, וואָס, פֿאָטערלאַנד, איז אים, די גאַנצע וועלט,
וואָס האַלט פֿאַר ברידער, שוועסטער — אַלע מענטשן
אויף דער ערד;
עס האָט אַזאַ אַפֿילו נישט קיין אָרט אויף אַ געצעלט,
און ס'בלײַבט אַזאַ־אָ, ווי אַ קול אין מידבר, נישט געהערט.

איך האָב אַליין שוין דורכגעוואַנדערט לענדער פֿיל און שטעט,
זיך צוגעאייגנט אַלץ וואָס איז געווען מיר ווײַט און פֿרעמד,
און האָב אין ערגעץ זיך מיט קיינעם, ווי מיט מענטש, דעררעדט,
און קאַלט איז מיר געווען אַפֿילו אויפֿן לײַב דאָס העמד...

איך זאָג עס סתּם אַזוי, צו קיינעם נישט, צו זיך אַליין;
עס פֿאַלן רייד אַמאָל, ווי פֿרוכט געריסן פֿונעם ווינט;
אַ מענטש פֿון „אומעטום”, איז אומעטום אויך, ווי אַ שטיין,
און הילפֿלאָז, צום פֿאַרלוירנגיין, און עלנט ווי אַ קינד.

און גוט איז אינדערפֿרעמד, נאָר דעם, וואָס טראָגט אין וואַנדער מיט
פֿון היים פֿון אייגענער, פֿון היימישקייט — די וואַרעמקייט,
וואָס שטאַרקט אין ווײַטסטן און אין אומבאַקאַנטסטן וועג, די טריט,
און מאַכט זיי זיכער — מיט דער זיכערקייט פֿון אייגן ברויט.

פֿאַראַנען, יאָ, פֿאַראַן אַ נישט־צעטיילבאַר האָב און גוט:
געפֿיל צו היים, צו לאַנד, צו אייגן אויפֿגעאַקערט פֿעלד,
און בענקשאַפֿט צו דער ערד, וואָס שמעקט מיט אייגן
שווייס און בלוט —
איז — ווײ צו דעם, וואָס, פֿאָטערלאַנד, איז אים, די גאַנצע וועלט.

## פֿרעמד

די פֿרעמד בלײַבט פֿרעמד —
אַפֿילו װען מען טראָגט פֿון איר אַ זײַדן העמד.
און װי עס װאַרעמט נישט קײן זײַד —
איז גוט די פֿרעמד פֿון װײַט,
די װײַט װאָס לאָקט און ציט —
צו זען װי יענעמס גאָרטן בליט,
װי ס׳בליט נישט דײַן...

נאָר לאָמיר האָבן שױן די גוטע יאָר —
װי מיר איז ליבער ס׳פּראָסטע העמד פֿון לײַן —
מעג זײַן עס מיט אַ לאַטע אױף אַ לאַטע —
אײדער אַ נגידיש העמד,
װאָס בלאָזט מיט קאַלטע שטײַפֿקײט
און מיט פֿרעמד.

## דער טאַטע, דער חובֿבֿ־ציון

האָט דער טאַטע איבער דרײַסיק יאָר
אַרײַנגעחלומט אין די ווײַסע האָר,
אַ חלום וועגן לאַנד פֿון זײַנע אָבֿות,
און מיט ליכטיקע מחשבֿות
און פֿאַרבענקטע אויגן —
זיך געצויגן
ווי אַ קינד —
אַהין, אַהין,
ווו הימלען זענען שטענדיק ריין און בלאָ,
און פּאַלמעס — אייביק גרין,
און אַלץ איז זוניק איבער ראַנד און ברעג,
און פֿײַגנביימער שפּרייטן שאָטנס אויס,
ווי קאָברעצן פֿאַר וואַנדערער פֿון וועג;
איז — ליגט ער צוגעפֿאַלן אָט אַזוי
אין שאָטן, אויסגעטאָן פֿון גראָער וואָך
און אויסגעשפּאַנט פֿון גלות־יאָך
און — קוקט,
און קוקט אויף מעשׂה־בראשית, ווי עס ווערט,
ווי אַלץ אַרום גייט־אויף און יערט,
און וואַקסט און בליט,
און ער, דער טאַטע — וואַקסט, וואַקסט מיט
פֿאַר פֿרייד,
און גלייבט זיך אויס, און פֿילט
אַזאַ געפֿיל, וואָס האָט זיך אומבאַקאַנט
בײַ אים אין בלוט, דאָס ערשטע מאָל צעבליט.
ער פֿילט:
דעם באָדן אונטער זיך,

אַ היים, אַן אייגן לאַנד
און ער — אַן אייגענער,
אַ שותּף גלײַך אויף גלײַך —
צום מילך און האָניק
און צו אַלץ מיט וואָס דאָס לאַנד איז רײַך,
און ס׳איז אים גוט דעם טאַטן,
ווי נאָך קיין מאָל גוט,
איז — ליגט ער, ווי ער וואָלט זיך טײַען נאָך אַ פֿראָסט,
עס פֿעכערט אים אַ ווינטל פֿון די בערג און בלאָזט,
און טראָגט אין היץ אים אונטער ריחות ווי פֿון ווײַן
איז — שלאָפֿט ער אײַן,
און חלומט, חלומט — איבער דרײַסיק יאָר,
און וועבט אַרײַן דעם חלום
אין די זילבער־ווײַסע האָר.

## אַ בריוו קיין ארץ־ישׂראל

שוועסטער מײַנע, ברידער מײַנע!
וווּנדערט זיך נישט, וואָס איך האָב ביז איצטער נישט געשריבן
און ווי טויט — געשוויגן.
ס'איז נישט איין בריוו שוין בײַ מיר געבליבן
נישט פֿאַרענדיקט ליגן,
ווי אַ שטיין...

ס'איז אָרעם יעדע שפּראַך צו שילדערן די אָרעמקייט,
דאָס דחקות און די נויט,
וואָס כ'האָב געטראָפֿן,
נאָך מײַן אומקערן זיך ווידער
אין דער אַלטער היים —
בײַ אײַערע און מײַנע שוועסטער, ברידער.

דרײַ יאָר צײַט — ווי כ'דריי זיך ווידער דאָ אַרום
ווי אַ געפֿאַנגענער,
און קאָן קיין אָרט זיך נישט געפֿינען;
כ'בין דאָ פּשוט שטום־געוואָרן, שטום,
ווי שטום עס שרײַט דער צער פֿון יעדנס אויגן דאָ,
וואָס קוקן אויסגעלאָשענע, ווי אויסגערונען
אין דער גראָקייט פֿון די זיבן טעג אין וואָך:
אויף זייער אונטערגאַנג,
אויף זייער בראָך...

איר וואָלט דאָ גאָר און קיינעם נישט דערקענט:
נשׂרפֿים דרייען זיך אַרום דאָ מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט,
ווי אָפּגעשטעלטע ווינטמיל־פֿליגל איבער וועגן;

רוקנס אָנגעבויגענע ווי פֿרעגצייכנס, זיי פֿרעגן,
פֿרעגן אין־דער־וועלט־אַרײַן :
— איז וואָס וועט זײַן,
איז וואָס וועט זײַן דערפֿון ?
און יונגע ווי די אויסשרײַצייכנס קלאָגן זיך :
— נישטאָ, נישטאָ די כּוחות ווו אַהינצוטאָן !...
מען לאָזט אונדז נישט צעוואַקסן זיך, צעבליִען —
כאָטש מיר וואָרצלען טיף דאָ, טיף ;
מיר האָבן פֿליגל, נאָר מען לאָזט נישט פֿליִען...
— — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳ענדיק שוין דעם בריוו,
איך וויל נאָר אונטערצײַען
דעם סך־הכּל בלויז :
אין שטעט און שטעטלעך שטאַרבט אַ ייִדיש לעבן
און, גייט אויס.

# פֿון מײַן שיר השירים

## בײַם ברונעם פֿון ליבשאַפֿט

דער אומגעקומענער
אלישבע לעווקאָוויטש

ווי אַ פֿאַרוווּנדעטער זעלנער פֿון שלאַכטפֿעלד —
בין איך געקומען דיך בעטן אַ טרונק פֿון דײַן ברונעם,
אַ ביסעלע אָפּרו בײַ דיר אויף דײַן זוניקער שוועל.

פֿון ווײַטנס געזען ווי דײַן הויז באָדט אין ליכט זיך,
און דיך — אין דער אָפֿענער טיר פֿון דערוואַרטונג,
געזען ווי דײַן עמער הענגט איבערן ברונעם
און וואַרט, אַז מען זאָל אין דער טיף אים אַראָפּלאָזן —
בין איך דערגאַנגען אַהער — דיך צו בעטן
אַ טרונק און אַן אָפּרו בײַ דיר אויף דער שוועל.

## דורך מידבר־וועג

ס׳ציט צו דיר דורך מידבר־וועג
אַ לאַנגער קאַראַוואַן פֿון מײַנע טעג,
ווי קעמלען אָנגעלאָדענע מיט אוצרות לאַסט פֿון ליבע;

בענקשאַפֿט פֿירט דעם צוג און רײַט פֿאָרויס,
און טראָגט דאָס האַרץ אַנטקעגן זון צעפֿלאַמט,
דער אומעט קוקט אין ליכט די אויגן אויס,
און שאָטנט אויפֿן העלן ים פֿון זאַמד.

דורשט ציט אויס דעם האַלדז, פֿאַררײַסט דעם קאָפּ
און דרייט מיט אים און זוכט אין יעדער זײַט,
די שטילקייט לאָזט זיך אויף די קני אַראָפּ,
און שיקט אַוועק אַ תּפֿילה אינדערוויַיט.

ס׳ציט צו דיר דורך מידבר־וועג
אַ לאַנגער קאַראַוואַן פֿון מײַנע טעג,
ווי קעמלען אָנגעלאָדענע מיט אוצרות לאַסט פֿון ליבע.

## אַז ענלעכע צו דיר

כ'האָב הײַנט אין גאַס געזען אַן ענלעכע צו דיר
און, ווי אַ שטיין אין וואַסער — האָט אַ שלאָג־געטאָן אין מיר,
די שטילקייט האָט באַומרויִקט צעוויגט זיך אין מײַן בלוט,
און כ'ה'אָב דערפּילט אַ היץ, ווי פֿון אַ פֿײַערדיקער רוט.

און כ'בין אַליין נישט וויסנדיק ווי לאַנג און ווי אַזוי —
פֿון הינטן נאָכגעגאַנגען נאָך דער אומבאַקאַנטער פֿרוי,
געגאַנגען אַ געבונדענער נאָך אירע שוואַנענטריט,
און נאָכגעטראָגן שטענדיק דעם ציטער פֿון אַ ליד.

נאָר פּלוצעם האָט זי אומגעריכט פֿאַר מיר, זיך אָפּגעשטעלט,
צו מיר זיך אויסגעדרייט, און מיט אַ בליק, ווי מען באַפֿעלט —
אַ קוק־געטאָן אויף מיר אַזוי, און — כ'בין געבליבן שטיין,
ווי ס'בלײַבט אַ הונט, ווען ס'לאָזט דער באַלעבאָס
נאָר זיך נישט גיין...

כ'האָב ווײַט איר נאָכגעקוקט; געזען ווי זי פֿאַרשווינדט:
אַ וואָלקנדל אַ בלאָס, וואָס ווערט געטראָגן פֿונעם ווינט;
און כ'האָב אַ גאַנצן טאָג געזוכט וואָס, און געקלערט פֿון איר —
די שטאָלצע, מאַיעסטעטישע, די ענלעכע צו דיר.

## ביסט דורך...

ביסט דורך דורך מיר,
ווי אַ ווינט דורך אַ וואַלד,
און איבערגעלאָזט מיר —
אַ האַרבסטיקן רויש,
און אַ גאָלדענעם אומעט
פֿון בלעטער, וואָס פֿאַלן,
ווי אונטערגעשאָסענע פֿייגל פֿון בוים;
און איבערגעלאָזט מיר —
אַ בענקשאַפֿט אַזאַ,
וואָס לויפֿט אויף פּאָרויס
ווי אַ הונט לויפֿט אויף יאַגד;
און אַ נעפּל אַ בלאָען,
וואָס פֿאַלט ווי דער טוי
און, פֿאַרהויכט און, באַפּערלט
מיט פֿײַכטקייט — דאָס אויג.

## צו איינער מיט גראָע האָר

נישט שטענדיק איז דאָס גראָ־זײַן, סימן אַלט.
עס טרעפֿט — אַ שניי אין מיטן זומער פֿאַלט,
און ס׳טרעפֿט, אַז ווינטער, אומגעריכט אַזוי —
דערזעט מען עפּעס בלִיִען אויפֿן שניי.

איך מיין עס קעגן דײַנע גראָע האָר,
וואָס זענען מיר באַקאַנט שוין לאַנגע יאָר,
ביסט גראָ שוין אפֿשר פֿון געבוירן אָן,
אַ וווּנדער אויך אַזאַ־מין טרעפֿן קאָן.

נישט שטענדיק איז דאָס גראָ־זײַן, סימן אַלט.
די גראָקייט דײַנע לאָזט מיך ווײַט נישט קאַלט,
עס שלאָגט מיט וואַרעמקייט אַרויס פֿון דיר
אַזוינס, וואָס רעגט צו לײַבלעכן באַריר.

זײַ מוחל מיר מײַן זינדיקן געדאַנק,
וואָס איז דאָס קינד מײַנס, ס׳קינד פֿון מײַן געזאַנג —
געזאַנג צו דיר, וואָס האָסט שוין גראָע האָר
און זעעסט נאָך אויס — אַ חלום אויף דער וואָר.

## צו איינער מיט דורשטיקע אויגן

הימלען שאַרלעך־רויטע פֿון סאַהאַראַס ווינטן,
ברענענדיקע זאַמדן, ווי פֿאַרטרוקנט הייסע גומענס,
ווו־נישט־ווו — אַ ליידיקער געפּלאַצטער עמער —
דאָס דערמאָנען מיך די אויגן דײַנע.

מיט אַזעלכע אויגן — טרײַבט מען אייזלען
פֿונעם דאָרף אין שטאָט, פֿון שטאָט — אין דאָרף,
באַלאָדענע מיט שווערע לאָגלען וואַסער
און צעשריגענע פֿון דורשט פֿון ברענענדיקן.

מיט אַזעלכע אויגן — פֿירט מען קעמלען
מיט די העלדזער ווי די פֿרעג־צייכנס צו ווײַטן,
ווו זיי ציִען, ציִען אָן אַן אויפֿהער —
קאַראַוואַנענווײַז אַדורך דעם מידבר.

מיט אַזעלכע אויגן — גייען פֿרויען
באָרוועסע, האַרט־ברוסטיקע און גלײַכע,
מיט בראַסלעטן אויף די הענט און פֿיס
און ווי די קרוגן — מיט דער קרוג צום ברונעם.

נאָך אַזעלכע אויגן פֿלעג איך נאָכגיין —
מויל און אויג און אויער ברייט צעעפֿנט,
ווי אין דער פֿאַרחלשטקייט און וויסטקייט
וואָלט אַ שלאָגנדיקער קוואַל מיך ווו גערופֿן.

## מיט יונגקייט

עס ווייעט פֿון איר נאָך מיט יונגקייט
פֿון פֿרילינגס, וואָס זענען פֿאַרגאַנגען,
מיט וואַרעמע ווינטעלער לינדע,
וואָס האָבן צעשאָטן דעם צוויט,
מיט בליִעכץ, וואָס האָט איבער פּלויטן אַריבערגעבליט,
און מיט ענדלאָזע גאָלדענע פֿעלדער מיט זאַנגען,
וואָס וויגן זיך שיכּור פֿון וואַקסן צום שניט...

עס ציטערט פֿון איר נאָך דער גאָלדענער אָפּהילך
פֿון לאַנג־שוין־פֿאַרשוויגענע פֿרילינגס־מוזיק,
פֿון שוואַלבן־געצוויטשער,
פֿון פֿייגל־געזאַנג,
און דער ריטם פֿון גליק
פֿון אַ לעבן, וואָס איז נישט געווען געצוימט
און — אַריבערגערונען, אַריבערגעשוימט,
ווי אַ בעכער מיט שיכּרות־געטראַנק...

און עס אָטעמט נאָך, אָטעמט פֿון איר —
מיט הייסן באַגער און פֿאַרלאַנג,
און מיט פֿאַרביקער, ליכטיקער טרויעריקייט
פֿון אַ רײַכן פֿאַרגאַנג.

## ווען איך אויפֿהערן...

ווען איך אויפֿהערן צו ליבן, ווען איך וויסן אַז כ׳בין אַלט,
אַז איך האָב שוין אָפּגעזונגען; אַז דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט שוין,
פֿאַלט;
אַז עס לעשן זיך די ליכטער, וועלכע האָבן מיך פֿאַרבלענדט;
אַז כ׳האָב אייביק אַ פֿאַרליבטער — ס׳לעבן מײַנס
אַזוי פֿאַרשווענדט.

ווען איך אויפֿהערן צו ליבן, ווען איך וויסן אַז ס׳איז אויס!
אַז ס׳איז האַרבסט שוין, יענער האַרבסט וואָס קאָן שוין נישט
פֿון האַרץ אַרויס:
ווען איך וויסן אַז די שיינקייט ליגט אין טרויעריקן פֿינאַל
פֿון מײַן שוואַנענליד—ווען קלאַנגען פֿאַלן ווי אַ בלעטערפֿאַל...

## בײַ איר קראַנקנבעט

דעם אייביקן אָנדענק נאָך צפּורה לעווין

זיץ איך בײַ איר קראַנקנבעט
און קוק אויף איר און קוק,
ווי כ'וואָלט זי נישט דערקענט...
די אויגן נאָר, זיי זענען אירע:
קוקן מילד און קלאָר און קלוג,
נאָר טרויעריק און פֿיבערדיק צעברענט...

זיץ איך און איך קוק אויף איר
און זי — אויף מיר:
וואָס זאָגט מען איר?
וואָס פֿרעגט זי מיך?
וואָס טראַכט זי שטום אַרײַן אין זיך —
אויב נישט פֿון יענעם האַרטן שלאָף,
וואָס בינדט אַ מענטשן אָפּ פֿון דרויער
און פֿאַרבינדט אים מיטן סוף?...

קוק איך, קוק און — וויי און ווינד! —
אַז אַ דערוואַקסענער ווערט קינד,
אַן אומבאַהאָלפֿן קינד וואָס ליגט
אויף קישנס, ווי אויף קריעות אײַז,
וואָס רײַסן זי אַרויס פֿון קרײַז...

*

כ׳בין אַ סך געזעסן בײַ איר קראַנקנבעט,
נאָר — נישט געזען זי אין די אָרעמס פֿונעם טויט,
און כ׳ווייס נישט — האָט זי פֿאַרן טויט גערעדט ?
האָט געהערט ווער אירע לעצטע רייד ?
צי האָט זי ווען וואָס געזאָגט
און וואָס אַנטפּלעקט ?
צי האָט זי זיך אויף עמעצן געקלאָגט ?
אויף עמעצן געפֿרעגט ?
אַ נאָמען אָנגערופֿן ?
אָדער — קיינעם נישט דערקענט
און — אויסגעגאַנגען
ווי אַן אויסגעלאָשן ליכט אַ נישט־דערברענט...

## אַ פֿרוי...

צו איינער פון ווייניק

קוק איר, קוק אויף דיר פֿאַרחידושט און איך גאַף,
ווי כ׳וואָלט געזען די ערשטע פֿרוי פֿון גאָטס באַשאַף:
אַ פֿרוי, וואָס יעדער מאַן דאַרף זײַן אין איר פֿאַרליבט
ביז אייפֿערזוכט צו דעם מיט וועמ׳ זי איז געקניפּט;
אַ פֿרוי, מיט הייסע טריט פֿון דורשט און שטאָלצן גאַנג,
ווי פֿון אַ הירשעכע וואָס זוכט אין וואַלד געטראַנק;
אַ פֿרוי, וואָס פֿול איז זי מיט רייץ, מיט זון און זין
פֿאַר לעבן און פֿאַר אויסלעבן איר צײַט, איר מין;
אַ פֿרוי, אַזאַ ווי דו, אויף וועלכער כ׳קוק און גאַף,
ווי כ׳וואָלט געזען די ערשטע פֿרוי פֿון גאָטס באַשאַף.

## ווי אין מאָלערס פֿאַרבן

ווי אין מאָלערס הייסע פֿאַרבן,
ווי אין סקולפּטאָרס שטיין דעם קאַלטן —
ליגט דער רייץ דײַנער — אויף וווּנדער —
אין דער שאָל פֿון סוד באַהאַלטן.

שטיי איך פֿאַרן וווּנדער מײַנעם,
(פֿאַר דער געטלעכער יצירה) —
פֿול צו דיר מיט בלינדער ליבשאַפֿט, —
וואָס מאַכט פֿול מיט גרויסער שירה.

## נישט די ערשטע

ביסט נישט די ערשטע בײַ מיר,
ביסט שוין אַוודאי די לעצטע.
כ׳האָב דיך דערזען, ווען „די זון הינטער מיר" —
אַן אַרונטערגעזעצטע,
אַ גרויסע, אַ רויטע ווי צונטער —
וואַרפֿט פֿלאַמען,
צינדט אונטער,
ווי נאָכן פֿאַרשפּילן אַ שלאַכט...
און — פֿאַלט אַזוי, פֿאַלט הינטער זיך,
איבער וועגן וואָס פֿירן צו נאַכט.

## פּאַראַדאָקסאַלע ליבע

כ׳האָב דיך ליב מיט יענער גרויסער ליבע
וואָס מאַכט בלינד
און זעט דיך גרעסער ווי דו ביסט...

מיט יענער ליבע וואָס נעמט אָפּ דאָס לשון
און לאָזט רעדן מיט די אויגן...

אַז איך זע דיך נישט —
דערפֿיל איך דיך
און כ׳זוך דײַן נאָענטקייט,
נאָר זוך אַזוי — איך זאָל דיך נישט געפֿינען —
נישט צו זײַן דער שאָטן פֿון דײַן ליכט...

אַז כ׳זע דיך נישט,
נאָר הער דאָס קול דײַנס —
ווער איך פֿול מיט ציטער,
ווי כ׳זאָל הערן אַז דו רעדסט מיט עמעצן
וואָס צווישן מיר און דיר —
איז ער, אַ דריטער...

## צו אַ מאַמען מיט איר טאָכטער

זע איך דײַן טאָכטער — אַ שלאַנקע, אַ דינע,
אַ סאָסנע אַ יונגע, אַ פֿרילינגדיק־גרינע,
זע איך זי — זע איך מײַן חלום מײַן לאַנגן:
איר מאַמען, וואָס האַלט מיך אַזוי ווי געפֿאַנגען.

ענלעך, איז ענלעך דײַן טאָכטער — צום טאַטן.
נאָר כ׳פֿיל זיך פֿאַר איר, ווי איך וואָלט זיך פֿאַרראַטן,
ווי ס׳וואָלטן געוועז מיך אַרומנעמען פֿלאַמען,
ווי בײַם באַגעגענען זיך מיט איר מאַמען...

כ׳ווייס נישט וואָס עס טראַכט דערפֿון דײַן בת־יחידה.
ווי קוקט זי אויף דעם וואָס איך שרײַב פֿאַר דיר לידער?
צי לאַכט זי דערפֿון, ווי עס קאָן דערפֿון לאַכן
אַזאַ, וועלכע זוכט מען זאָל פֿריילער זי מאַכן?

דײַן טאָכטער איז ענלעך צו דיר — מיט איר שׂכל.
אויך זי — האָט אַ דינעם, איראָנישן שמייכל,
און אויגן וואָס דרינגען אַרײַן און, אַנטפּלעקן
וואָס יענער וואָלט וועלן באַהאַלטן, פֿאַרדעקן.

וואָס אמת — אַזוי ווי דײַן טאָכטער, ווען כ׳זע זי —
דערפֿרייט מיך אַ יעדער וואָס שטאַמט פֿון דײַן גזע.

# מיט לעבן

פאַר חנה לייט

א

זי איז פֿול נאָך מיט לעבן — דאָס לעבן אַליין,
און פֿול ווי דאָס לעבן — מיט טרויער און פֿרייד;
אָט לאַכט זי, אָט פֿאַלט זי אַרײַן אין געוויין
און, ס׳איז נישט צום אײַננעמען זי מיט קיין רייד.

זי איז אַלץ נאָך קאַפּריזנע אַזוי ווי אַ קינד —
כאָטש ז׳איז שוין קיין קינד נישט — אַ מאַמע שוין לאַנג
און, פֿול מיטן אומרו פֿון וואַלד אין אַ ווינט,
און פֿול מיט די ריטמען פֿון טענץ און געזאַנג.

זי איז פֿול נאָך מיט לעבן — דאָס לעבן אַליין:
אַ לוסטיקע, גלוסטיקע — לאַכט זי און לאַכט,
נאָר ס׳הערט זי נישט קיינער ווען ס׳פֿאַלט איר געוויין
אַרײַן, ווי אַ שטערן — אין שויס פֿון דער נאַכט.

ב

## מיר

מיר האָבן זיך דערנעענטערט, מיר האָבן זיך דערקענט —
ווען אונדזער לעבן האָט שוין אויסגעזען ווי אויסגעברענט,
און — פּלוצעם האָט עס זיך אַ ריס־געטאָן, ווי ס'וואָלט אַ ווינט
געטאָן דאָס פֿײַער אַ צעבלאָז און העליש אַ צעצינד.

קאָן זײַן — מיר האָבן נאָך דאָס לעבן ווײַט נישט אויסגעלעבט,
נאָך ווײַט נישט אויסגעטרונקען עס, נאָך ווײַט נישט אויסגעשעפּט,
און אפֿשר — אפֿשר זענען מיר דערגאַנגען זאַלבעצווייט —
צום טאָג פֿון קאָנען אויסלעבן אין אים די אייביקייט ? !

ג

## איך בעט פֿאַר דיר

כ׳האָב נישט געבעטן נאָך אַזוי פֿאַר זיך אַליין,
ווי כ׳בעט פֿאַר דיר, פֿאַר דײַן געזונט.
ווי דו — קאָן זיין אַ קינד נאָר אומשולדיק און ריין,
און סאיז דײַן ווייי דערפֿאַר, מײַן וויי און ווונד.

דערפֿאַר — פֿאַר דיר די תּפֿילה מײַנע, וואָס איך טו,
אַ תּפֿילה, וועלכע זוכט דיך, גאָט,
איך דאַרף דײַן הילף, און אויב דו הערסט אַ תּפֿילה צו —
זע, לאָז זי נישט אַליין אויף „גאָטס באַראָט״...

# פֿונדערזײַט

## צווישן טויט און לעבן

דעם אַנדענק
נאָך פסח סאָפּאָזשניקאָוון

א

אַ קראַנקן אין שפּיטאָל איז אויך די זומערנאַכט צו לאַנג —
ווען ס׳קראַנקנבעט איז אים אַ שיף אין וואַקלדיקן גאַנג —
געטראָגן און געשלאָגן פֿונעם כוואַליקן געברויז,
וואָס שליידערט זי און לאָזט זי פֿון געווירבל נישט אַרויס.

אַ קראַנקער אין שפּיטאָל, אַזאַ וואָס ליגט אין ווונד און וויי
אַ שלאָפֿלאָזער — קוקט אויס בײַ נאַכט דאָס ליכט פֿון טאָג — אַזוי
ווי ס׳קוקט אַ ים־קראַנקער אין שטורעם, זײַנע אויגן אויס —
צו זען ווי ס׳שײַלט פֿון ווײַט אַ ברעג, פֿון נעפּל זיך אַרויס.

ב

אין שפּיטאָל פֿאַראַנען איז אַ פֿרויען־קליניק אויף געבערן
און, אַ קילשטוב ווו מען זעט געשטאָרבענע אַרונטערטראָגן.
ט׳רעפּט, אַז ווען פֿון קליניק לאָזט אַ נײַ־געבוירן קינד זיך הערן—
הערט מען אונטן, אין שפּיטאָלהויף ערגעץ, עמעצן באַקלאָגן...

פֿאַלן אָפּט מאָל אויפֿן האַלדז זיך, גרויסע פֿרייד מיט טיפֿן טרויער.
ס׳טרעפּט, אַז ווען אַ מאַמע טראָגט מיט גליק אַהיים
דאָס לעבן, ס׳נײַע —
עפֿנט דער שפּיטאָלהויף, צו אַ הינטערגאַס, אַ הינטערטויער,
און ער לאָזט אַרויס, אויף נישט באַמערקט־צו־ווערן — אַ לויה...

## בעטלער טיילן זיך

גאָלדענער, מילדער פֿאַרנאַכט.
צוויי בעטלער וואָס „גייען" צוזאַמען —
טיילן זיך אײַן מיטן שותּפֿות —
מיט דעם וואָס זיי האָבן „געמאַכט":
שטייען זיי ביידע אין גאַס
בײַ אַ זײַטיקער וואַנט
און, ציילן זיך איינער דעם צווייטן
די פּרוטות אַרײַן אין דער האַנט:
אַ פּרוטה דיר,
אַ פּרוטה מיר
און — ס'רעדן די הענט,
און די אויגן די פֿיר,
און די שאָטנס די צוויי —
אויף דער ליכטיקער וואַנט
פֿונעם מילדן פֿאַרנאַכט.

און די זון טיילט זיי לעצטגאָלד —
צו דעם וואָס זיי האָבן „געמאַכט".

## איינער מיט אַן אַקאָרדיאָן

צוגעפּאַלן צו זײַן האַרץ — דער אַקאָרדיאָן,
און צוגענייגט צום אַקאָרדיאָן — זײַן אויער,
ווי ער וואָלט אַליין זיך אײַנגעהאָרכט
אין אייגענעם, אין נאָגנדיקן טרויער —
שפּילט ער אין דער טומלענדיקער גאַס אַרײַן
און, ציט זײַן כּלי־נגינה אויס און אײַן
און, לאָזט פֿון איר אַרויס געוואָי פֿון ווינט,
און אַ סקאַוווטשען ווי פֿון מחנות הינט.

נאָר די גאַס, זי האָט קיין אוירן נישט
און, אין רעש אין אייגענעם פֿאַרטראָגן —
הערט זי נישט ווי איינער הערט נישט אויף
די שווערע דאָליע זײַנע צו באַקלאָגן —
אויפֿן אַקאָרדיאָן, וואָס ציט זיך אויס און אײַן,
און וויינט אַזוי אין טויבער גאַס אַרײַן,
און לאָזט פֿון זיך דעם לעצטן שלוכץ אַרויס —
ווען ס׳גייט אין דעמערונג, דער טאָג דער לאַנגער אויס.

## צוויי בלינדע

מיט נאָענטער ענלעכקייט, ווי פֿון איין מאַמען —
שטייען צוויי בלינדע, וואָס בעטלען צוזאַמען,
ווי ס׳וואָלט זיי אין גאַס ביַי אַ וואַנט פֿון אַ הויז
אַוועקגעשטעלט ווער
אין געדראַנג און געשטויס
און — אַוועק.

און ווי זיי שטייען ביידע אָט אַזוי
אַנטקעגן טאָג — פּאַרזונקענע אין נאַכט —
נעמט איינער פּלוצעם שמייכלען ווי פֿון שלאָף
און, ס׳בלינדע פּנים לייטערט זיך, דערוואַכט
און, פֿאַלט צום אויער פֿונעם צווייטן צו;
דער צווייטער הערט, נאָר — שטיַיפֿלער, ווי פֿאַרטראַכט.
ער הערט און — אָט צעשמייכלט ער זיך אויך
און, מיט אַ מאָל — צעלאַכט ער זיך, און לאַכט,
און ס׳לאַכן ביידע בלינדע שוין —
ווי שטיפֿערישע, זאָרגלאָזע צוויי קינדער.

כ׳ווייס נישט, וואָס עס האָט אַזוינס געזאָגט,
וואָס האָט אַזוינס געזען דער ערשטער בלינדער...

## טרויער פֿון אַ בעטלערס הונט

שוין טעג, ווי אין גאַס, ביַי דער וואַנט פֿון אַ מויער,
ליגט ווי אַ שמאַטע — אַ וואָלף־הונט אין טרויער.

געשטאָרבן אים דער באַלעבאָס, דער בלינדער בעטלער
וועמען ער האָט יאָרן לאַנג געדינט:
געפֿירט אים, ווי מען פֿירט אַן אומבאַהאָלפֿן קינד;
אַרויסגעפירט אים בעטלען, אינדערפֿרי,
און אָוונט אים צוריק אַהיימגעפֿירט —
האָט איינער זיך אָן צווייטן נישט גערירט,
וויביידן וואָלט דער לעדערנער געשפּאַן געבונדן
און, ביַים הונט — געריבן טיפֿע ווונדן.

קומט ער איצטער יעדן טאָג צו גיין אַליין
און לייגט זיך אַוועק ווו דער בלינדער פֿלעגט שטיין
און — ליגט אַזוי איַינגעדרייט
האַרט ביַי דער וואַנט פֿון דער מויער:
אַ וועלפֿישער הונט, אין אַ מענטשלעכן טרויער...

## אַ בעטלער גיט אַ נדבֿה

אַ בעטלער גיט אַ בעטלער אַ נדבֿה.
גיט אַ פּרוטה, נאָר — ביד רחבֿה:
זאָלן די, וואָס גיבן נישט, זיך שעמען
פֿאַר אַ בעטלער, וואָס געוווינט איז, נאָר צו נעמען.

גיט דער בעטלער אַ נדבֿה —
(אפֿשר, ס׳ערשטע מאָל אין לעבן!) —
אויף צו פֿילן וואָס עס מיינט
אַן אויסגעשטרעקטע האַנט צום געבן;
אָדער, אפֿשר האָט ער ווו אַרײַנגעכאַפּט אַ פֿעטן ביסן —
וויל ער, אַז אַן אייגענער, אַ בעטלער, זאָל דערפֿון געניסן;
אָדער — מיינט ער פּראָסט און פשוט,
נאָר אַ מצוה צו פֿאַרדינען?
ווער קאָן וויסן וואָס אַן אָרעמאַן פֿאַרמאָגט?
אויף וואָס אַ קבצן קאָן זיך אַלץ פֿאַרגינען!...

# אַ הונט, וואָס פֿירט אַ בלינדן

אַ הונט וואָס פֿירט אַ בלינדן —
איז דער הינטישסטער, דער טרויעריקסטער הונט,
פֿון וועמענס אויגן ס׳טריפֿט מיט מענטשלעך צער,
ווי אייטער פֿון אַ בלוטנדיקער ווונד.

דערפֿאַר איז גרויס דער צער אויך אויפֿן הונט —
דעם פֿירער פֿונעם בלינדן באַלעבאָס,
וואָס זעט אים נישט, נאָר פֿילט אים נעבן זיך
נאָך נידעריקער, ווייכער פֿונעם גראָז.

ער זעט נישט, נאָר ער פֿילט, זײַן באַלעבאָס,
ווי ס׳קוקט זײַן הונט אַרײַן אים אין געזיכט
און זוכט דערין אַ ביסל וואַרעמקייט,
און זוכט אין זײַנע בלינדע אויגן — ליכט.

נאָר, ווי אַ ציפֿערבלאַט איז זײַן געזיכט,
אַ ציפֿערבלאַט, וואָס האָט קיין ווײַזער ניט,
נאָר ער, דער הונט, פֿאָרויס אין בלינדנס שפּאַן —
ער גייט, און ס׳גייען נאָך אים, בלינדע טריט...

אַ הונט וואָס פֿירט אַ בלינדן —
וועט אויף קיינעם נישט אַ ביל־טאָן מיט פֿאַרדאַכט, —
ווײַל ס׳טרעט אים יעדער אָפּ דעם וועג, בעת
ער פֿירט בײַם שײַן פֿון טאָג — דעם האַר פֿון נאַכט.

## נישט ווי די טײַבעלער...

טויבן לעבן אויך נישט „ווי די טײַבעלער" —
איך זע עס אויף מײַן דאַך — דאָס קאַמפּספּעלד זייערס,
ווי זיי קריגן זיך און רײַסן זיך
און פּליקן איינס דאָס צווייטע זיך די פּעדערלער,
וואָס איך געפֿין דערנאָך בײַ מיר אין דאַכשטיבל
פּאַרטראָגענע דורך טיר און פֿענצטער —
פֿון די ווינטלער, וואָס זיי טראָגן זיי אַרום
נישט זיכערע, ווי שנייעלעך פֿון ערשטן שנייפֿאַל.

און נישט איין־מאָל יאָגט דער ווינט אַזוי אַרום
אַ פּעדער פֿון אַ פֿליגל פֿון אַ טויב,
אַ גאַנצע פּעדער מיט אַ רויטן שפּיץ,
ווי ס'וואָלט געשריבן ווער מיט טויבנבלוט...

און כ'האָב נישט איין־מאָל אויפֿן דאַך בײַ מיר
געפֿונען שוין אַ טײַבעלע אַ טויטס,
מיט רויטע שפּורן פֿון רציחה — אויף דער ווײַסקייט,
וואָס איז שטײַף געלעגן ווי אַ שנייקויל.

טויבן לעבן אויך נישט „ווי די טײַבעלער".

## אַ הירש

ס׳האָט אַ יעגער פֿאַר ווילטאָג געשאָסן
און פֿון ערגעץ געצילט און געטראָפֿן,
און אַ הירש האָט מיט בלוט זיך באַגאָסן,
און פֿאַרבלוטיקט — געלאָפֿן, געלאָפֿן...

ר׳איז געלאָפן אין וואַלד אינעם גרינעם
און אין קרײַז פֿונעם טויט זיך געטראָגן,
אויפֿגעהויבן אַ ליכטשטויב אַ דינעם,
זיך דעם קאָפּ אָן די ביימער צעשלאָגן;

און אין לויף מיטן הילך אין די אוירן,
אינעם פלאָנטער פֿון צווײַגן, ווי קנאָכן —
די צעבראָכענע הערנער פֿאַרלוירן,
און אין גאַנצן זיך אונטערגעבראָכן.

ווי מיט שקיעהדיק רויט אין די אויגן,
און מיט בלוט־פֿײַכטע נאָזדרעס באַוועגטע —
האָט ער דין זײַנע פֿיס אויסגעצויגן,
ווי פֿיר ביימעלעך אונטערגעזעגטע.

## פֿאַמיליעגליק

פֿאַר מײַן פֿענצטער, אויף אַ שטריק —
הענגט דאָס גליק, פֿאַמיליעגליק:
אַ פֿרויענהעמד,
אַ מענערהעמד,
אַן אונטער און אַן אויבערקלייד,
און אונטערהויזן לאַנגע, קורצע,
ציכלעך, לײַלעכער צעשפּרייט,
און נעבן זיי, אויף דינע שטריקלעך —
קינדער־שטיקלעך,
קינדער־ברעקלעך:
העמדלעך, הייזעלעך און זעקלעך.

פֿלאַטערט וועש אויף זון און ווינט,
און ווינט איז אָפּטמאָל ווי אַ קינד,
אַן אָפּגעבונדנס, אַ באַפֿרײַטס,
האָט ליב אַ מאָל אַזוי אַ שטיף־טאָן,
אָפּט — פֿאַרשײַט און אומפֿאַרשעמט, —
דערלאַנגט ער אַ פֿאַרריס דאָס קלייד,
און אַ פֿאַרהייב דאָס פֿרויענהעמד
און בלאָזט דעם מאַנס תחתונים אָן
צום פּלאַצן גרייט —
מיט ווינט, וואָס שפּאַסט,
און ציט מיט שטײַפֿקייט אויס אַ לײַלער,
ווי אַ לײַוונט אויף אַ מאַסט
און, ס'קנאַקט און פּאַטשט און פּראַסקעט:
אַ מחלוקה און אַ קריג,
און אָנגעצויגן — רײַסט זיך
דאָס פֿאַמיליעגליק פֿון שטריק...

## נאַקטורן

שפּעט אין נאַכט.
עמעץ האָט אין גאָרטנהויז אַ פֿענצטער צוגעמאַכט,
און האַסטיק, אויפֿגערעגט, עס צוגעקלאַפּט,
ווי פֿאַרן אָנקומען פֿון אַ געוויטער;
ס׳האָט אַ שויב געטאָן נערוועז אַ ציטער,
און דער גאָרטן האָט פֿון טיפֿן שלאָף זיך אויפֿגעכאַפּט
באַאומרויִקט פֿון עמעצנס אַ סילועט,
וואָס זײַן פּנים האָט זיך פֿונדערנאַכט אַרויסגעבלייכט
און זיך אײַליק אין דער פֿינצטער דורכגעשלײַכט
און מיט זוכנדיקע טריט, דעם וועג געטאַפּט.

ס׳האָט דאָס גאָרטנטירל מיט אַ סקריפּ זיך אויפֿגעעפֿנט,
און אַ שאָטן איז אויף יענער זײַט געבליבן שטיין,
בלאָנדזשענדיק אַרומגעקוקט זיך,
אָנגעהויבן גיך צו גיין,
און פֿאַרשווונדן ערגעץ אינדערנאַכט.

נאָר דער גאָרטן איז שוין רויִק נישט געשלאָפֿן:
אַ שווערקייט האָט די שטילקייט צוגעדריקט,
און ס׳גאָרטנטירל — אָפֿן —
האָט דער ווינט אַ גאַנצע נאַכט געוויגט...

## ליד פֿון שווינדזיכטיקע

מיר ווייסן, מיר ווייסן, מיר ווייסן אַזוינס, וואָס מיר האָבן
ביז איצט נישט געוווּסט;
עס איז אונדז נאָך קיינמאָל די וועלט נישט געווען אַזוי
וווּנדערלעך ליכטיק און העל,
מיר האָבן נאָך קיינמאָל, אַזוי נישט געקוקט אויף אַלץ,
לויטער און קלאָר, ווי פֿאַרליבט,
און קיינמאָל — דאָס לעבן אַזוי נישט געוווּיגן מיט טרויער
און צער, ווי מיט גאָלד.

עס האָט אונדז אַן אַנונג פֿון עפּעס נישט הײמלעכס,
די אויגן געעפֿנט אַצינד,
און גרויס זענען זיי, און פֿונאַנדערגעריסן ווי ים איז
פֿון ברעג ביז צו ברעג,
און ס׳איז אונדז פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס איז דער טאָג
אַזוי קורץ, ווי דער אָטעם בײַ אונדז,
און לאַנג דערפֿאַר, ווי די אומענדלעכקייט לאַנג —
זענען אונדזערע שלאָפֿלאָזע נעכט.

מיר ווייסן, פֿאַרוואָס איז דאָס אויער געוואָרן בײַ אונדז
אַזוי שאַרף און פֿאַרשפּיצט,
ווי ס׳אויער בײַם הירש, וואָס איז גרייט יעדע רגע זיך לאָזן
אין לויף פֿון דער קויל;
מיר האָבן מיט אונדזער געהער נאָך אַזוי נישט פֿאַרנומען
דאָס מינדסטע גערויש,
נאָך קיינמאָל, אַזוי נישט באַנומען דאָס וואָרט פֿונעם טרייסט —
בײַ דעם ראַנד פֿון פֿאַרפֿאַל.

מיר ווייסן, מיר ווייסן פֿאַרוואָס איז די זון צו אונדז,
זוניקער ווי ז׳איז געווען;
פֿאַרוואָס יעדער שטראַל איז פֿאַר אונדז, ווי אַ מוטערלעך
וואַרעמע האַנט אויפֿן לײַב,
וואָס פֿיבערט און ציטערט, און פֿלאַטערט אַזוי, ווי אַ פֿלעמל
געלאָשן אין ווינט,
און שלאָגט מיט פֿאַרדעכטיקער, דורשטיקער היץ —
ווען ס׳איז רויט דער פֿאַרנאַכט, פֿון פֿאַרגאַנג.

מיר ווייסן, מיר ווייסן פֿאַרוואָס די לבנה גייט אויף
איבער אונדז אַזוי גרויס
און קוקט מיט צעשראָקענער זילבערנער בלאַסקייט
אויף אונדזער געלעגער אַראָפּ
און, שאַרט זיך פון איין בעט צום צווייטן, אַזוי ווי די שוועסטער
וואָס גייט אינדערשטיל
צווישן די קראַנקע וואָס וועקן זיך, וויינען, ווי הילפלאָזע
קינדער פֿון שלאָף.

דערזעען מיר אונדזערע באַקן אין שפּיגל,
ווי בלעטער פֿון רויזן, צעבליט —
איז — ווייסן מיר, ווייסן, אַז דאָס איז דער שפּיגל פֿון טייך,
און דאָס בלײַבט — אויף אים;
איז — ווייסן מיר, ווייסן, אַז מיר זענען שוואַנען,
וואָס שווימען מיט שוואַנען־געזאַנג
אַריבער, אין פֿרילינג — די האַרבסטיקע טײַכן —
צום ברעג פֿון דער אייביקער רו.

# איך, מיט זיך

## כּולו אויער

כ׳בין כּולו אויער; בלויז געהער —
ווי ס׳איז דער האָז אין וואַלד;
דאָס ערשטע וואָס דערגייט צו מיר
איז דאָס, וואָס ברעכט זיך,
דאָס, וואָס רײַסט זיך אָפּ און פֿאַלט,
ווי פֿון אַ בוים אַראָפּ
און שלאָגט זיך אָן אָן דער׳ערד —
מיט ווייטיק וואָס עס פֿילט נאָר דער,
וואָס הערט.

און הערן, הער איך (צום באַדויער) —
אַלץ, וואָס קלינגט מיט צער און טרויער.

## אַ גרויסע וועלט

אַ גרויסע וועלט — אויף צום־פֿאַרלוירנגיין,
און מיר איז ענג אין איר — דערשטיקט צו ווערן,
כ׳בין אין איר אַ פֿויגל אַ געפֿאַנגענער,
און כ׳זינג נישט דאָס, וואָס איך אַליין וואָלט וועלן הערן:
די אָדע צו דער גרענעצלאָזער פֿרײַ,
וואָס קיניגט ענדלאָז איבער אַלע ספֿערן
און מאַכט נידעריק אַיעדע הימל־הייך,
און נאָענט — מיטן גאַנג פֿון אַלע שטערן.

## מיטן קאָפּ אין די הימלען

מייַן קאָפּ איז אין די הימלען הויך פֿאַרטראָגן,
די פֿיס אָבער — זיי פֿילן גוט די ערד,
זיי פֿילן כּוחות ערדישע, וואָס שלאָגן,
ווי כ׳וואָלט דעם דופֿק פֿון דער וועלט געהערט.

אַפֿילו ווען פֿון הימל פֿאַלן שטערן,
וואָס לייַכטן מיטן אויפֿבליץ פֿון פֿאַרגיין —
פֿאַרגלייַכן דיכטער אויכעט זיי מיט טרערן,
מיט טרערן פֿונעם הימלס נאַכטגעוויין.

## פֿון יעדן ליכט

כ׳פֿאַל פֿון יעדן ליכט אַרויס, — אַ שאָטן,
צעלייגט אויף אַלע פֿיר, אין אויסזען פֿון אַ הונט,
און כ׳וועל אין וועג פֿון אַלעמען געטראָטן,
און קיינער זעט נישט מײַן צעבראָכענע וווּנד.

ס׳גייען גייער איבער מיר אַריבער,
מיט פֿיס אין פֿרויענשיך און שווערע שטיוולטריט,
און כ׳ליג אַזוי אין ווייטיקפֿולן פֿיבער,
און זינג אין שאָטן מײַן דערהויבן ליד.

## מײַן יוגנט

ס׳איז הײַנט פֿאַר מיר מײַן יוגנט דורכגעלאָפֿן,
ווי אַ יונגער הירש מיט בלוט פֿאַרגאָסן,
דורכגעלאָפֿן — דורכגעשאָסן
פֿון אַ בייזער, הייסער קויל —
האָט רויטער שוים בײַ אים געזעצט
פֿון נאָז און מויל,
און שקיעה — פֿון די אויגן אים גערונען,
און אַזוי אין לויף —
די הערנערקרוין די גאָלדענע פֿאַרלוירן,
און אין יונגן וואַלד — דעם טויט געפֿונען.

## אין וואָרטשאַכט

ווי אַ גאָלדגרעבער אין גאָלדשאַכט
לאָז איך זיך אַראָפּ אין זיך —
ביַים ליכט פֿון מיַין געדאַנק:
צו זוכן ס׳וואָרט,
וואָס ליגט ווי ס׳גאָלד — אין שטיין.

נאָר, וויפֿל שטיינער ריַיס איך אויף
און וואַרף זיי אָן,
און וואַרף זיי אָפּ,
צעהאַק זיי און צעפֿערטל זיי,
צעשערבל און צעברעקל זיי,
מאַך זאַמד פֿון זיי,
מאַך שטויב פֿון זיי,
און זיפּ זיי דורך מיַין האַרץ אַדורך —
אַז ס׳זאָל זיך אָפּשטעלן דאָס וואָרט:
דער טראָפּן גאָלד פֿון אָדערן
אין שטיינער פֿון דער וואָרטשאַכט.

## איך, דער בעל־חלומות

דער חלום איז אַ טרייסט דער וואָר דער גראָער,
(וואָר איז: קאַלטער, פֿעלדזן־האַרטער ברעג).
מיט חלום איז דאָס לעבן מייַנס דאָס גאַנצע
ווי אין ימען בלאָקייטן אַוועק;

נאָר כ׳בין נאָך אַלץ דער זעלבער בעל־חלומות,
ס׳איז מייַן איינציק ביסל פֿרייד און גליק —
צו קאָנען גיין צום לאַנד, צו מייַן נישטדאָיִק
דורך מייַן פֿערזן־אויסגעבויטער בריק;

און זינגען, ווען עס זינגט זיך נישט אַפֿילו,
(זינגען איז פֿון גורל מיר באַשערט),
באַזינגען, ווי עס פֿאַלן מזל־שטערן
פֿאַר די גליק־באַדערפֿטיקע אויף דר׳ערד;

און זינגען אינדערשטיל דאָס ליד, דאָס שטאַרקע,
ס׳ליד פֿון טיפֿן קוואַליקן געטראַנק:
געזאַנג צו מענטש, געזאַנג צו ברויט און פרייַהייט,
און צום ריין־דערהויבענעם געדאַנק.

## מיט לידער

ווער ס׳לייענט פֿאַר שלאָפֿן־גיין קריאת־שמע,
ווער ס׳זאָגט פֿאַרן שלאָפֿן־גיין תהילים,
און איך — פֿאַרן שלאָף — לייען לידער.
ס׳קאָן ווערן אַ ליד אויך אַ תפֿילה.

זיץ איך בײַם שײַן פֿון מײַן שטיילאָמפּ —
פֿאַרזונקען אין נאַכט און אין שאָטן
און בלעטער און בלעטער און, לייען
די לידער, אַזוי ווי פֿון נאָטן;

איך זינג זיי אַראָפּ מיט די אויגן
און נעם מיט ניגונים זיך איבער;
אָט ניגונט פֿאַר מיר אַ מתבודד,
אַ צווייטער — זינגט שירה בציבור;

און אָט איז אַ ליד פֿון מרידה,
אַ פערטנס אַ ליד — פון אהבה,
און פלוצעם פֿליט אָן אין זיכּרון
אין מײַנעם, „די גאָלדענע פּאַווע״:

„געפֿלויגן... געפֿלויגן...״ און איז נישט
דערפֿלויגן צום לאַנד צו דעם ווײַטן;
צום לאַנד פֿונעם אייביקן פֿרידן,
צום לאַנד פֿונעם מענטש דעם באַפֿרײַטן...

## בײַם ים

איך ווײַן בײַם ים, און בענק נישט אײנמאָל נאָך אַ טײַך —
ווײַל אַלץ, וואָס גרויס איז — מאַכט מיך קלײן,
נאָך קלענער ווי איך בין,
און ס'דריקט אויף מיר דאָס ענדלאָזע,
וואָס מאַכט פֿאַרלוירנגײן. —

דערפֿאַר — בײַם ים — מײַן בענקשאַפֿט נאָך אַ טײַך,
אַ טײַך, וואָס קוקט פֿון בערג און טאָל אַרויס
אַ גאָלדענער, אַ זילבערנער, אַ הימל־בלאָער,
ווי אַ מעדאַליאָן אויף גרינער שויס פֿון ערד.

אַ טײַך, וואָס לאָזט זיך מיטן אויג אַרומנעמען,
און איז אַלײן אַן אָפֿן אויג אַ קלאָרס,
געדיכט אַרומגעוויעט און אַרומגעברעמט
מיט גראָז מיט הויך, מיט באַמבוסן,
מיט צוקערשטעקנס און לולבים,
און מיט ווערבעס, וואָס מען זעט זיי שטײן,
ווי מיט אַ פֿוס אין וואַסער — צוואָגנדיק די קעפּ.

דערפֿאַר — בײַם ים — מײַן בענקשאַפֿט נאָך אַ טײַך,
וואָס שפּיגלט אָפּ דעם פֿאַרביקן אַרום,
און ווײַזט ווי אין אַ בילד, אַן אַקוואַרעל —
די גאַנצע שײנקײט — מיטן קאָפּ אַראָפּ.

## ווי העל, ווי גרויס

ווי העל, ווי גרויס איז די לבנה הײַנט,
ווי זילבערבלאָ ווי דורכזיכטיק איר שײַן —
ווי שלאָפֿט מען אונטער אָט אַזאַ לבנה אײַן ?
ווי שלאָפֿט מען אײַן, ווען ס׳אויג איז פֿול מיט ליכט,
און ס׳האַרץ — מיט פּײַן ?

ווי שלאָפֿט מען אײַן, ווי שלאָפֿט מען אײַן —
ווען ס׳ציִען פֿאַר די אויגן שוין פֿאַרבײַ,
ווי בילדער אויפֿן לײַוונט פֿון עקראַן :
געלאָדן קאַראַוואַן נאָך קאַראַוואַן
מיט יאָרן, ווי די מילגרוימען, מיט טעג,
וואָס יעדער טאָג איז אַ פֿאַרמעג,
אַן אוצר, וואָס מען האָט אַליין פֿאַרשווענדט,
אַליין, אַליין —
צעביטן גרויס אויף קליין,
געוואָרפֿן איידלשטיין אויף פֿעלדזיק רויען שטיין,
און מיטן פֿײַער פֿון דער זון — געצונדן און געברענט
פֿאַר גליק, פֿאַר יוגנטגליק
געריסן בריק נאָך בריק,
געוועזן זיך אַליין דער גרעסטער פֿײַנט.
און הײַנט ? און הײַנט ?

— — — — — — —

ווי גרויס, ווי העל איז די לבנה הײַנט !
ווי זילבערבלאָ, ווי דורכזיכטיק איר שײַן !
ווי שלאָפֿט מען אונטער אָט אַזאַ לבנה אײַן ? !

## אין זיך

שטענדיק,
ווען איך זוך אַרום דעם תמצית פֿונעם זייַן,
און כ׳קלעטער ווי אַ בלינדער
אויף די שטאַפּלען פֿון מייַן וועלט,
און כ׳גיי אַרויף, און כ׳גיי אַראָפּ
ביז כ׳נידער אין מייַן טיף
און בלייַב אין מייַן התבודדות
דערוויַיטערט אויך פֿון זיך —
שמידט אויס פֿאַר מיר דער מוח דאַן, אַ מעסער —
בלאַנק ווי שטאָל,
געשאַרפֿט אין ביידע זייַטן —
אויף אַ שטיין פֿון מייַן געדאַנק;
ער בליצט מיר פֿאַר די אויגן,
ווי אַ פֿליגל פֿונעם טויט,
דאָך שרעקט ער מיך נישט אָפּ —
איך האַלט מייַן גורל אינדערהאַנט,
די פֿינגער טאַפּן מיך אַרום, ווי עמעצנס אַ ווונד,
און כ׳פֿיר מיט קייַזערשניט אַרום
דאָס מעסער אויף מייַן לייַב,
דער ווייטיק ברומט ווי פֿון אַ תּהום און —
כ׳הער זיך צו, צו זיך:
— דערקענונג! — שרייַט מייַן יעדער נערוו,
— וואָס מיינט אַ מענטש, אַן **איך**?
איך פֿרעג און קוק אַרייַן אין זיך,
ווי דורך אַ טעלעסקאָפּ
און — גרעסער ווערט דער פֿרעגצייכן,
און גרעסער ווערט דער סוד...

## עס אַרט מיך נישט...

ס'אַרט מיך נישט וואָס כ'האָב די פּערל נישט געפֿונען —
כ'האָב דערפֿאַר די טיפֿעניש דערגרייַכט,
און פֿונדערטיף, דערהויבן און דערהייכט —
אַרויס צעשטראַלט מיט ליכט פֿון זיבן זונען.
אַרט מיך נישט, וואָס כ'האָב די פּערל נישט געפֿונען...

## אַ זונפֿאַרגאַנג

די זון האָט בײַם אונטערגיין אונטערגעצונדן אַ הויז,
און ס׳שפּאַרט פֿון די פֿענצטער פֿון אַלע, די שׂריפֿה אַרויס,
עס שמעלצן זיך פֿלאַמיק די שויבן, אַן בראַזג, אָן געקלאַנג,
און ס׳צינדן זיך אָן מיר די אויגן און ס׳האַרץ — מיט געזאַנג,

געזאַנג צו דער זון, וואָס איז אויך בײַ איר אונטערגיין גרויס,
וואָס ראַנגלט זיך, גייט ווי אין בלוט אינעם אייגענעם אויס
און — שטאַרבט אַזוי פֿײַערלער־פּאָרכטיק אין בלענדיקסטן טראַכט,
און פֿאַלט הינטערווײַלעכץ אַרײַן אין דער שויס פֿון דער נאַכט.

## אַ תּפֿילה

גאָט, מײַן גאָט,
צו װעמען כ׳שיק מײַן מאָרגנלויב
און אָװנטדאַנק,
פֿאַר יעדן טאָג פֿון זײַן;

גאָט, צו װעמען כ׳שיק
מײַן אײנזאַם שטיל געזאַנג,
װען כ׳קוש פֿון דר׳ערד דעם שטויב,
און הייב זיך אַ געלײַטערטער פֿון פּײַן;

גאָט, מײַן גאָט,
פֿאַר װעמען כ׳גײ אַזוי אין שװערן שפּאַן;
כ׳בין גרייט אויף זיך צו נעמען אַלץ,
װאָס איז פֿאַראַן —
פֿאַר ליב,
נאָר כּוח, כּוח גיב...

# לייטערונג

## אַ דיכטער — אַ זינגער

אַ דיכטער איז אַ זינגער — דאַרף ער זינגען,
זינגען ווי דער פֿויגל — מאַי,
נאָר ס׳וועט דער שענסטער זינגפֿויגל, פֿאַרשפּאַרט —
נישט זינגען, ווי אים זינגט זיך אויפֿדערפֿרײַ.

געזאַנג דאַרף רוים, דאַרף פֿרײַהייט,
און געזונטע לופֿט, וואָס ריין איז, פֿריש,
און ס׳דאַרף אַ דיכטער ווען ער „גייט צו ליד" —
אַן אָפֿן פֿענצטער און אַ ריינעם טיש,
אַ ריינע פֿעדער, ריינעם טינט,
און ריין־זײַן דאַרפֿן מער פֿון אַלץ בײַ אים — די הענט —
ווי בעתן אָפּנעמען אַ נײַ־געבוירן קינד.

## געבורט פֿון אַ ליד

געבורט פֿון אַ ליד, איז געבורט פֿון אַ קינד,
וואָס אַ מאַמע באַרירט און טאַפּט אָן אינדערבלינד,
ביַי דעם צאַפּל און שטויס אינעם לייַב, וואָס עס טוט —
ניַין חדשים אַזוי אויסגעטראָגן אין בלוט.

אַ ליד איז אַ קינד, איז אַ קינד פֿון געמיט,
און עס קומט ווי אַ פֿרוכט: מיט אַ ריס, מיט אַ שניט,
מיט אַ וווּנדיקן פֿאַל צו די פֿיס פֿונעם שטאַם,
אַ דערנערטע מיט זאַפֿט, און נישט איינמאָל — מיט סם.

## קלײנע לידער

קלײנע לידער — גרױסע װײען,
װערט נישט לײַכט דאָס װאָרט געבױרן —
זענען לידער אױסגעשרײען,
אין אומענדלעכקײט פֿאַרלױרן.

זענען לידער קורץ װי ס'לעבן —
װען מען איז דעם זין דערגאַנגען
ביז צום — מער נישט קאָנען געבן,
און נישט קאָנען מער פֿאַרלאַנגען.

## אַפּילו פֿייגל...

אַפּילו פֿייגל זינגען אויך נישט פֿליִענדיק —
(זיי מוזן, זינגענדיק — אויף עפּעס שטיין...),
און דאָרט ווּ פֿייגל בויען זיך קיין נעסטן נישט —
וועט זיך אַ זינגפויגל אין זינגען נישט פאַרגיין.

אַ דיכטער וועט נישט לידערן אין וויסטעניש,
ווּ ס'האָט קיין אַקער נישט פֿאַרזוכט די ערד.
געזאַנג לשם געזאַנג און אין התבודדות —
איז גוט צו זינגען — ווען מען ווייסט אַז עמעץ הערט...

## דאָס וואָרט

אַז מען וועגט דאָס וואָרט מיט גאָלד און זילבער —
איז עס דורכגעלײַטערט, ריין און קלאָר,
און דאָס ליד איז קורץ און ליכטיק, גליאיק,
ווי אַ פֿאַלנדיקער מעטעאָר.

אַז מען וועגט דאָס וואָרט מיט גאָלד און זילבער —
נעמט מען אויף דעם שטורעם, רויִק, שטיל,
ווי אַ פּולע זאַנג נעמט אויף די קאָסע,
און די שווערע מילשטיינער אין מיל.

## טויבע זינגער

פֿאַראַנען זינגער, וועלכע הערן זיך אַליין נישט,
הערן נישט דאָס אייגענע געזאַנג;
זיי זענען טויב
און פֿאַלש אין יעדן טאָן,
אין יעדן קלאַנג.
נאָר אויך אַזעלכע זינגער
זענען זוכה צו באַוווּנדערונג און לויב.
אַ ראיה:
בעטהאָווען איז אויך געווען טויב...

## פֿרעש

וואָס זומפּיקער, וואָס טיפֿער ס׳איז די בלאָטע —
אַלץ העכער איז דאָס גראַגעריַי פֿון פֿרעש,
וואָס קוואַקען ביז חלשות, פֿון נודאָטע
און האַלטן פֿאַר געזאַנג עס, פֿאַר אַ יש.

און פֿרעש וואָס שפּיגלען זיך אין בלאָטע־שפּיגלען —
געפֿינען אויך פֿאַר זייער זינגען, לויב —
פֿון „זאַך־קענער״ וואָס ווילן זיי באַפֿליגלען
מיט פֿליגל, וועלכע הייבן אויף נאָר שטויב...

## קלאַנגענטויכער

מיט עפּעס במחשבֿה זיך פֿאַרגאַנגען —
לאָזט ער ווי אַ שווימער זיך אַוועק,
אַוועק אין ים פֿון טענער און פֿון קלאַנגען,
קלאַנג פֿון דינסטן ציטער און באַוועג.

דער ים פֿון קלאַנגען רײַך איז אומגעהויער,
רײַך פֿאַר די, וואָס שווימען אים אַדאָרך
מיט זייער פֿילבאַר־דינער נעץ — דאָס אויער,
ס'אויער, וואָס אַליין איז בלויז געהאָרך;

איז בלויז געהער אין אַלע, אַלע ספֿערן
ווו נישט אַלעמענס געהער דערגייט —
צו קאָנען הערן דאָס געקלאַנג פֿון שטערן,
און ס'געקלאַנג, וואָס לייזט זיך אויף אין טויט.

## אַ דיכטער — אַ קינד

אַ דיכטער איז אַ גרויס קאַפּריזנע קינד,
וואָס איז נישט שטענדיק און נישט יעדן צום פֿאַרשטיין;
אַ קינד, וואָס טרעפֿט נישט איינמאָל, אינדערבלינד —
ווו זעעוודיקע וועלן נישט דערגיין.

און ווי אַ קינד — קאָן זײַן אַ דיכטער מילד,
ווי אײַנגעגנומען אין דער בלאָער וויג פֿון טרוים;
און ווי אַ קינד — קאָן זײַן אַ דיכטער ווילד,
און ווי געבונדן — רײַסן זיך פֿון צוים.

אַ דיכטער־קינד איז אויך פֿאַרשפּילט אַ סך,
פֿאַרשפּילט מיט וואָרט, פֿאַרשפּילט מיט פֿאַרב און קלאַנג,
מיט ליד־געבוי, וואָס הייבט זיך אָן פֿון דאַך —
אויף זײַלן פֿון געפֿיל און פֿון געדאַנק.

און ווי אַ קינד — קאָן אויך אַ דיכטער ווען
צעשטערן, וואָס ער האָט געבויט ביז ווערן מיד,
און אויך, נישט יונג — נאָך אַלץ זיך יונג צו זען,
נאָך אַלץ בײַם אָנהייב פֿונעם ערשטן ליד.

## אינדערנאַכט

ווי דער טאָג פֿאַלט אין שויס פֿון דער נאַכט —
פאַלן קעפּ אויך אַרײַן אין איר שויס;
וועגן וואָס נאָר בײַטאָג ווערט געטראַכט —
וואַקסט בײַנאַכט אַ סך גרעסער נאָך אויס.

אינדערנאַכט הייבן שטורעמס זיך אויף,
און דער פֿיבער בײַ דעם, וואָס איז קראַנק;
אינדערנאַכט זעט אַ מענטש דעם פֿאַרלויף
און סך־הכּל פֿון יעדער פֿאַרגאַנג.

אינדערנאַכט איז מען פֿול מיט באַגער
און פאַרלאַנג אויסצולעבן זיך פרײַ;
אינדערנאַכט איז מען פֿול מיט געהער
צום געקלאָג פֿון אַ יעדן בעל־חי.

ס׳איז די נאַכט פֿול מיט פּחד און סוד,
און מיט אויפֿבליץ פֿון העלסטן געדאַנק;
אינדערנאַכט זוכט אַ גאָטלאָזער — גאָט,
און אַ דיכטער — זײַן אייביק געזאַנג.

## באַרג-אַרויף

באַרג אַרויף איז שווער, נאָר ס'האָט די שווערקייט, פֿליגל —
טראָגן זיי און האַלטן מיט עקשנות אונטער.
באַרג־אַראָפּ איז לײַכט, נאָר ס'פּעלט דער לײַכטקייט, אָפּהאַלט —
נישט צו פֿאַלן ווי אַ שטיין — תהום אַרונטער.

אויבן — אויבן ליגט „דאָס טעלערל פֿון הימל" —
ציט עס יונג און אַלט אַרויף — דערגרייכן!
אונטן — אונטן ליגט דער יאָמערטאָל — פֿאַר אַלע
די, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ שוין פֿון די הייכן...

## ס׳בינדט יעדן וואָס...

ס׳בינדט יעדן וואָס, ס׳בינדט יעדן עפּעס, אָדער ווער.
נישט לײַכט איז זײַן אַ הפֿקר־מענטש, אַ וואַגאַבונד;
די איינזאַמקייט פֿאַלט אויך אויף אַ מתבודד שווער,
און ס׳וויל זיך צובינדן צו וועמען — אויך אַ הונט.

זוכט יעדער איינציקער אַ נאָענטן זיך צו,
אַ שטיין אַן עלנטער, געפֿינט זיך אויך זײַן שטיין,
אַ יעדער נייטיקט זיך אַמאָל אין שוץ און רו,
אַ יעדן שרעקט אַמאָל דאָס זײַן מיט זיך אַליין.

## נישטאָ אַזאַ האָב

נישטאָ אַזאַ האָב ווי דאָס פּישוף־וואָרט: גליק —
ס׳האָט יעדער־זיין ברונעם, זיין עמער, זיין שטריק,
און לאָזט אינדערטיף זיך אַן עמער אַראָפּ —
מוז איבערן ברונעם דאַן הענגען אַ קאָפּ,
און ס׳מוזן אין האַלדז פֿונעם ברונעם, צוויי הענט
זיך וואַרפֿן, זיך רייַסן אַזוי ווי פֿון פּענט,
און ס׳מוזן צוויי אויגן אויך דאָרשטיקערהייט
אַראָפּקוקן טיף אינעם שאָטן פֿון טויט,
און ס׳מוז אַמאָל טרעפֿן (די שעה זאָל נישט זיין),
אַז ס׳פֿאַלט ווער אין אייגענעם ברונעם אַריין,
און קומט צו דער שוועל פֿון זיין הויז נישט צוריק.
ס׳האָט יעדער זיין ברונעם, זיין עמער, זיין שטריק.

## װעגן הינט...

װי ס׳זוכט אַ הונט זיך אױס אַ באַלעבאָס —
געפֿינט אַ מאָל אַ מענטש זיך אױס אַ הונט
און שליסט מיט אים, אין גרױסער אײנזאַמקײט —
אַ װאַרעמען, אַ שטומען פֿרײַנטשאַפֿטבונד.

איז גאָענט מיר אַ מענטש אַזאַ, װאָס האָט
אַ הונט זיך פֿאַר אַ חבֿר אױסגעװײלט
און, טײלט מיט אים, אױף שטום־לשון, אַזױנס,
װאָס מיט אַ מענטש װאָלט ער זיך נישט געטײלט...

פֿאַראַט איז נישט די טבֿע פֿון אַ הונט —
(דער טרײַסטער און דער פֿילבאַרסטער בעל־חי).
װי פֿאַר אַ מענטש אַ שװער באַװולטן —
אַזױ־אָ גײ איך פֿאַר אַ הונט פֿאַרבײַ.

## די קערן

דער קערן פֿונעם װוּנדערלעכן זין
פֿון לעבן — ליגט אין שאָלעכץ פֿונעם מ י ן :

דער יונג אין פֿעלד — ער זוכט די מויד אין סטויג.
דער הונט גייט אויס פֿון דאָרשטן נאָך דער צויג.

דער הימל, ער באַהעפּט זיך מיט דער ערד.
די נאַכט פאַלט צו צום טאָג, און אויך פֿאַרקערט.

אַ שטערן פֿאַלט און זוכט מיט ליכט די זי
און לעשט זיך ערגעץ אויס אין סאַמע גלי.

אַ שטיין אַפֿילו, לייגט מען אויף אַ שטיין.
נישטאָ דער מ י ן װאָס בלײַבט מיט זיך אַליין.

## מיט זיך

איינזאַם און מיט זיך אַליין־זײַן —
קאָן מען אויך אויף אַ יאַריד,
נאָר מען דאַרף חוץ איינזאַם — ריין־זײַן,
ווי אַ גוט־געשליפֿן ליד;

און מען דאַרף אויך זײַן אַ גאַנצער,
ווי אַ קערן אין דער שאָל —
אַז עס זאָל ווי פֿון אַ פּאַנצער
אָפּשפּרינגען אַפֿילו שטאָל.

## אויך נישט דער...

אויך נישט דער וואָס בעט אויף זיך דעם טויט
ווי אויף דער איינציקער דערלייזונג —
אויך נישט דער איז גרייט
דאָס לעבן אויפֿצוגעבן —
ווי לאַנג די אויגן זעען
(זאָל עס זײַן אַפֿילו דורך אַ שפּאַלט):
אַ פּאַסמע בלאָען הימל,
אַ פֿאָדעם זון וואָס שטראַלט
און רייצט דאָס אויג ביז טרערן;
ווי לאַנג די אויערן הערן:
(זאָל עס זײַן אַפֿילו טויבלעך, שוואַך) —
דעם ריטעם און דעם קלאַנג פֿון יעדע זאַך,
פֿון יעדער רעגונג
און באַוועגונג —
וויל נישט קיינער אויפֿהערן צו הערן,
אויפֿהערן בײַנאַכט צו זען די שטערן
אָדער — ס׳ליכט פֿון דער לבֿנה:
ליכט פֿון חלום און באַגערן.

## נאָענט

נאָענט צו ערד —
איז מען נאָענט צו קומען
מיט אַלץ אין באַריר.
נאָענט צו ערד —
איז מען נאָענט צו קוואַלן
וואָס שלאָגן אין איר.
נאָענט צו ערד —
איז מען נאָענט צו בראשית,
און סוד — ווערט אויס סוד.
נאָענט צו ערד —
איז מען נאָענט צו הימל
און נאָענט צו גאָט.

## פֿאַרוואָס

פֿאַרוואָס איז אַלץ אַזוי שיין בײַם פֿאַרגיין ?!...
פֿאַרוואָס ווען דער טאָג ציט פֿאַרנאַכט זיך צוריק
מיט אַ זוניק פֿאַרזונקענעם קאָפּ צום פֿאַרפֿאַל,
און נעמט פון די וועגן דאָס ליכט מיט זיך מיט —
צינדן שויבן זיך אָן,
צינדן אויגן זיך אָן
מיט דער לעצטער צעשטראַלונג פֿון ערבֿ פֿאַרגיין...

פֿאַרוואָס האָבן פּיס ליב צו שאָרן אין קופּעס
פֿון האַרבסטיקע בלעטער
בײַ נאַקעטע שטאַמען,
און אויס'רן — צו הערן דעם טרוקענעם שאָרך,
וואָס דערמאָנט אָנעם אייגענעם וואַלד־רויש פֿון לעבן,
און הענט — זיך צו שפּילן מיט זיי,
ווי מיט העלע זכרונות פֿון אייגענער בלי־צײַט...

פֿאַרוואָס איז אַ מענטש אַזוי ריין, אַזוי שיין אויפֿן קראַנקנבעט
ווען ער באַהאַלט אין געלעגער דעם ווייטאָג,
און שמייכלט מיט וואַרעמען אומעט צום נאָנטן,
און שטיל איז זײַן וואָרט,
ווי דער וואָרק פֿון אַ טויב,
און די רייד, אַזוי טיף,
אַזוי קלוג ווי די וועלט,
און דער בליק, אַזוי קלאָר,
ווי דער שניי אין דער זון.
פֿאַרוואָס איז אַלץ אַזוי שיין בײַם פֿאַרגיין ?!...

## אין ליכט פֿון פֿאַרגאַנג

אין ליכט פֿון פֿאַרגאַנג — גייען־אויף אין זכּרון
די ייִנגסטע, די שענסטע, די ליכטיקסטע יאָרן
און ס׳צינדן זיך אָן שוין די מיד־מאַטע אויגן
פֿון וועלכע די צײַט האָט דאָס ליכט אויסגעזויגן.

אין ליכט פֿון פֿאַרגאַנג — ווערן נאָענט די ווײַטן
אויף וועלכע מען זעט זיך אַליין אויף זיי רײַטן
מיט ווינטיקן אימפּעט — די זונען אַנטקעגן —
ווען ס׳פֿאַלט אויף די קני שוין די נאַכט אויף די וועגן.

אין ליכט פֿון פֿאַרגאַנג — גייען־אויף די אַמאָלן,
ווי נאַקעטע שאָף נאָכן שערן די וואָלן,
און טרויעריק — נעמט מען פֿאַרשטיין אַלץ, און אַנען
אַזוינס, וואָס מען האָט נישט אַ לעבן פֿאַרשטאַנען.

##ביימער

### יונגוואַלד

ווי אויף שלאַנקע הירשנפּיס אויף דינע —
שטייט אַ וואַלד, ערשט נאָר־וואָס אויפגעשאָסן,
מיטן פוך פון ערשטן שפּראָץ דעם גרינעם,
און מיט ליכט מיט דורכזיכטיק פאַרגאָסן.

באָדן זיך אין ליכט אַזוי די רייען
ביימער, ווייך־צעצווייגט און בראָנדז־פאַרברווינטע,
ווי זיי וואָלטן ראָד אין ראָד זיך דרייען
נאַקעטע, מיט קעפּ נאָך־נישט־באַקרוינטע —

שטייט דער וואַלד, אין טאַנץ אַרייַנגעצויגן
מיט דער פרייד פון וואַקסן און פון בליִען,
און ער דרייט זיך, שווינדלט פאַר די אויגן,
ווי די ערד וואָלט אונטער הירשן, בריִען.

## אַלטוואַלד

אלטוואַלד־ביימער זענען אורוואַלד־זיידעס:
וואָרצלען ווי מיט צווייַגן אין דער ערד
און וואַקסן שוין נישט מער, נאָר גרינען נאָך
מיט ווילדע שטעכיק־האַרטע בערד,
מיט גרינער מאָכיקייט ,ווי גרינער ראָסט
אין יעדן טיפֿן קנייטש פֿון זייער הויט:
די קאָרע זייערע, וואָס טריקנט, קרישלט זיך
און אָטעמט מיט דער פֿוילעניש פֿון טויט...

שטייט אַ וואַלד אַזאַ, מיט זייַן פֿאַרוואַקסנקייט,
מיט זייַן געדיכטעניש וואָס לאָזט נישט דורך קיין שייַן
און — ס'לעבן ביימער אַלט־פֿאַרגעסענע —
אין יאָרן הונדערטער אַזוי אַרייַן...

## אַן אַרמיי אַ פֿרידלעכע

ווי יונגע, שלאַנקע, שטיַפֿע זעלנערייען
אין געפּלעקטע קאַמאָפֿלאַזש־מונדירן —
שטייט אין גרין און ברוין אַ וואַלד און, ס׳דאַכט זיך,
אַז די ביימער גייען, גייען,
גייען רייענווייַז, מאַרשירן,
שטעלן פֿיס — מיט טריט אויף נישט צום הערן,
טריט פֿון אַן אַרמיי,
וואָס וויל די וואַלדשטילקייט נישט שטערן,
אַן אַרמיי אַ באָרוועסע, אַ פֿרידלעכע,
נישט אויסן אויף קיין בייז און שלעכטס —
צעשיט זי זיך אויף לינקס און רעכטס,
פֿאַרנעמט זיך באַרג־אַרויף, אַראָפּ,
און ווייַט אַוועק, ווו ס׳לאַגערן און לאַנדן
ביימער, וועלכע זענען שוין דערגאַנגען
ביז די טיף־אַראָפּגעלאָזטע הימל־ראַנדן.

## שטייט אַ וואַלד...

שטייט אַ וואַלד — די ביימער הויך פֿאַרריסן,
ווי זיי וואָלטן איינער מיטן צווייטן
זיך געמאָסטן ווער ס׳איז העכער, ווען
ס״קומט די קרוין די זוניקע צו טראָגן...

און די ביימער, די וואָס — נישט דערוואַקסן —
גרייכן זיי נישט צו די גרינע אַקסלען
פֿון די ברייט־צעוואַקסענע און הויכע,
וואָס פֿאַרשטעלן זיי די וועלט די גאַנצע —

שטייען זיי ווי אויף די שפּיצן פֿינגער
פֿון די שמאָלע הירשנפּיס די לאַנגע,
ווי זיי וואָלטן זאָגן: לאָזט אונדז אויבעט
טאָן אַ קוק אויף יענער זײַט אַריבער —

דאָרט, וווּ ס׳טרעפֿט די ערד זיך מיטן הימל —
סײַ אין ליכט פֿון טאָג, ווען דורך די צווײַגן
רינט צו אונדז די בלאָקייט דורך די פֿינגער,
סײַ בײַנאַכט, אין ליכט פֿון דער לבֿנה —

ווען מיר זילבערן און ציטערן ווי נאַקעט,
אָדער ווען די פֿינצטערניש באַפֿאַלט אונדז
און מיר דאַנקען גאָט אַז ס׳פֿאַלט אַ שטערן
אין די אָרעמס אונדז אַרײַן און — לעשט זיך...

## וואַלד, באַרג־אַרויף

ווי פֿון אַ צעשאָטענער אַרמיי אַ גרויסער —
האָבן ביימער־מחנות זיך אַ לאָז־געטאָן
דעראָבערן אַ באַרג אין וועג,
אים אײַננעמען מיט שטורעם —
אין אַ וואַלדיקער, געהיימער שטילקייט.

שפּאַנען ביימער,
קלעטערן פֿאַרעקשנט, באַרג־אַרויף.
עס וויל אַ בוים דעם צווייטן איבערשטײַגן,
ס׳וויל אַ בוים, דעם צווייטן איבעריאָגן,
יעדער וויל דער ערשטער אויפֿן שפּיץ פֿון באַרג
אָוועקשטעלן זײַן פֿוס...

ערשט אויבן, אינדערהייך שוין,
אויפֿן באַרג, דעם שווער באַזיגטן —
זעט מען ווי די גרינע מחנות
לאָזן זיך צוריק אַרונטער,
ווי עס וואָלטן סטײַעס הירשן
מיט געקרוינטע קעפּ פֿון ביימער —
אין בהלה זיך צעלאָפֿן,
און זיך שטיל געשאָטן באַרג־אַראָפּ.

##ביימער טוען תּפֿילה...

זומער — ווי אין גרינע קאַפּישאָנען,
ווינטער — ווי אין קיטלען און טליתים —
טוען, דאַכט זיך, ביימער, שטענדיק תּפֿילה,
תּפֿילה ביחידות און בציבור:
שטייט אַ וואַלד אַ גאַנצער און ער דאַוונט,
ביימער שפּרינגען קדוש, קדוש, קדוש —
פֿאַרן הימל, פֿאַר דער זון און — מ׳איז מחדש
אַלץ — ווי מ׳איז מחדש די לבֿנה.

שקיעה־צײַט, ווען אַלע, אַלע קרוינען
לעשן זיך מיט אויפֿבליצן מיט לעצטע;
ווען די העכסטע ביימער ווערן קלענער,
ווי צונויפֿגעטוליעטער און ענגער —
שטייט אַ שטומער וואַלד ווי פֿאַרן „אויסגיין",
וויגט זיך, וויגט זיך און, איז פּלוצעם „מפֿסיק":
ס׳האָט אַ פֿויגל אָוונטיק צעשראָקן
פֿון אַ בוים־אַראָפּ געטאָן אַ פלאַטער,
אײַנגעגנעסטיקט זיך און שטיל געוואָרן,
שטיל, ווי ס׳ווערט דער ווינט אין וואַלד אַנטשלאָפֿן.

## אַ ביימעלע הינטערן פֿענצטער

נאַכט, ווינט און רעגן —
עס עקט זיך די וועלט;
הינטער מײַן פֿענצטער —
אַ ביימעלע, ציטערט פֿון קעלט,
טרייסלט זיך, קלאַפּט מיט די צווײַגלעך
אין שײַבל אין מײַן,
קלאַפּט, ווי מיט פֿינגער,
און בעט בײַ מיר: לאָז מיך אַרײַן!..

איך זע נישט דאָס ביימעלע,
כ׳הער עס און פֿיל עס נאָר אויס,
און ס׳איז, ווי צו אַלץ וואָס עס לעבט —
אויך צו אים דאָס רחמנות מײַנס גרויס,
און גרעסער דערפֿאַר — אויך דער צער,
וואָס איך האָב פֿונדערוועלט —
אַפֿילו, ווען הינטער אַ פֿענצטער
אַ ביימעלע ציטערט פֿון קעלט.

## אַ ווערבע

געבויגן, געבויגן — אַריבערגעבויגן
האָט זיך אַ ווערבע איבערן טײַך,
אַריבערגעבויגן זיך —
צוואָגן דעם קאָפּ דעם אַלט־מוידישן,
און מיט אַ פֿוס, ביז די קני —
אינעם וואַסער אַרײַן:

שטייט זי אַזוי, נישט אַהין, נישט אַהער,
מיטן גרינעם צעפּלאָכטענעם שויבער אַראָפּ,
אַזוי ווי זי וואָלט זיך געשעמט פֿאַרן שפּיגל
פֿון וואַסער, וואָס שפּיגלט זי אָפּ קאָפּ־אַראָפּ.

נאָר ס׳האָט שוין די ווערבע אַ מזל אַזאַ,
אַז דווקא פֿאַר איר שטעלן שיפֿלעך זיך אָפּ,
און ס׳באַוווּנדערן זי —
ווער ס׳האָט שיינקייט נאָר ליב,
און ס׳באַוווּנדערן זי —
ווער ס׳האַט איינזאַמקייט ליב.

## דער טייטלבוים

אויסגעטיילט און אָפּגעזונדערט,
אויף זײַן אייגענעם באַראָט —
וואַקסט דער טייטלבוים און גרייסט זיך
מיט דער גבֿורה וואָס ער האָט.

גרייסט זיך מיט דער הייך דער ווילדער,
מיטן פֿעכערדיקן קאָפּ,
מיט די טייטלען, וואָס זיי הענגען
פֿון סענקאַטן האַלדז אַראָפּ,

אויסגעקושט פֿון הייסע ווינטן,
אויסגעזויגן פֿונעם גרין —
וויגן זיי זיך ווי די לאַנגע
שנורן קרעלן פֿון בורשטין,

קעגן מידבר, קעגן וויסטקייט
ווו עס שׂרפֿהט, ווו עס פֿלאַמט —
אויף אַ בוים, וואָס שטייט אַ פֿעסטער,
ווי אַ העלפֿאַנטפֿוס אין זאַמד.

## דער אייקאַליפּטוס

ווי אַלעביימער — טרינקט דער אייקאַליפּטוס
פֿון די וואָלקנס גלייַך, דאָס ברכה־וואַסער,
טרינקט, ווי אַלע ביימער, פֿרישן טוי ;
ווי אַלע ביימער זייגט ער פֿון דער ערד
און ציט אין זיך אַרייַן די קילע פֿייַכטקייט,
אָבער, נישט ווי אַלע ביימער —
איז ער זיך מיט זומפּ מחיה,
טרינקט פֿון אים און טריקנט אים,
און פֿיבערט נישט מאַלאַריע־קראַנק,
נאָר בליט דערפֿון און וואַקסט דערפֿון
נאָך העכער און נאָך שטאַרקער אויס,
און שפּאַרט זיך מיט די ווייַסע צווייַגן,
ווי מיט הערנער אָקסענע —
צו לעכערן פֿאַר דאָרשט מיט זיי די הימלען.

## ציפּרעסביימער

ווי אַרויסגעוואַקסן פֿון די גרינע קליידלעך —
שטייען צניעותדיק, באַשיידן,
שמאָלע ציפּרעסביימער,
ווי די כּלה־מיידן
נאָכן צוואָגן זיך;
האָבן שטענדיק וואָס בסוד צו זאָגן זיך,
צו שווערן בײַ דער זון,
בײַ שטערן און לבֿנה —
שאָקלען זיי מיט די פּאַרשפּיצטע קעפּ
ווי אונטער קאַפּישאָנען,
שאָקלען פֿרום מיט זיי אויף יאָ און ניין,
און בלײַבן אָפּטמאָל אומבאַוועגלעך שטיין
פֿאַרזונקענע אין טרויער.

ס'האָט דאָס זיפֿצן פֿון אַ ציפּרעס נישט געהערט
און נישט פֿאַרנומען נאָך קיין מענטשלעך אויער.

## אַן אַלטע פּאַלמע

צווישן הײַזלעך צוויי — אַן אַלטע פּאַלמע:
ווי פֿאַרשעמט און אויסבאַהאַלטן —
שטייט זי אָפּגעבליט און וויאַלע,
אַ פֿאַרלאָזענע פֿון גאָט, פֿון מענטש און פֿויגל.

אירע צווײַגן, וואָס אַיעדער בלאַט אויף זיי
האָט ווי אַ גרינער פֿעכער ברייט געפֿעכערט —
האָבן ווינטן לאַנג שוין, לאַנג צעבראָכן —
הענגען זיי ווי הענט פֿאַרבראָכענע אין טרויער:

זי, די קעניגלעכע גרין־געקרוינטע פּאַלמע,
וואָס געהאַלטן האָט אַמאָל די זון אין שאָטן —
שטייט אַצינד אַליין פֿאַררוקט אין שאָטן —
להוט נאָך אַ ביסל זון און וואַרעמקייט.

דערפֿאַר — איז אין די ווייַנענדיקע אָרעמס
פֿון דער קלאָגנדיקער פּאַלמע, מיטן סאָווע־קאָפּ —
פֿאַראַן אַ נעסט פֿון פֿלעדערמײַז,
וואָס לויערן און וואַרטן אויף דער נאַכט.

## באַנאַנעביימער

ווי קימפּעטאָרינס הינטער פּאַראַוואַנען —
טראָגן אויס באַנאַנע־ביימער
הינטער פֿאַרצויגענע װענטלעך פֿון ראָגזשעס —
זייער פֿרוכט: באַנאַנעס.

אויסבאַהאַלטענע פֿאַר ווינט,
ווי פֿאַר אַן עין־הרע —
וואַרעמען זיי אין די בוזימס אויס
די ברוסטיק־גרויסע קנאָספּן,
וואָס זיי עפֿענען מיט צניעותדיקן ווייטיק —
פֿאַרן אויסלאָדן די שפֿע, פֿון איינמאָליקייט:
די קללה אין דער ברכה
פֿון געבערן און — נישט ווערן...

## קינדער אויף אַ פֿײַגנבוים

צו אַן אַלטן פֿײַגנבוים, אַ קריפּל —
האָט אַ טשאַטע קינדער זיך גענומען:
קריכן אויף זײַן לאָמען פֿוס דעם קרומען,
קלעטערן אויף זײַנע דאַרע צווײַגן
און באַזעצן זיי, ווי פֿייגל אָנגעפֿלויגענע;
זיי נישטערן אויף זיי און זוכן פֿײַגן,
וואָס זיי קאָנען נישט געפֿינען —
ברעכן זיי די צווייגעלעך
די איינציקע, וואָס גרינען,
צופּן פֿײַגנבלעטלעך
ווי מען צופּט דעם זיידנס באָרד די גראָע,
און דער זיידע איז געדולדיק:
האָבן קינדערלעך הנאה —
זאָלן זיי זיך שפּילן! —
צווישן קינדער קאָן אַן אַלטער אויכעט יונג זיך פֿילן...

## אַן עפּלבוים

כ׳זאָל נישט וויסן אַז עס איז אַן עפּלבוים —
געמיינט וואָלט איך,
אַז ס׳האָט אַ הירש — געיאָגט פֿונעם טויט —
פֿאַרלוירן די גאָלדענע קרוין
און די וואַלדיק־ווילד־צעצווײַגטע הערנער,
האָבן ווי מיט שאַרפע פֿינגער
אין דער ערד זיך אײַנגעגעסן
און, גענומען שלאָגן וואָרצלען,
מאָכיק גרינען,
ווערן דין באַבלעטערט;
אָנגעהויבן געבן בליִעכץ,
געבן קנאָספּן, ווי די פּיטום׳ס,
און צו געבן קליינע עפּל,
עפּל — גרינע, עפּל — האַרטע,
עפּל — ווי פּאַר יונגע ציינער
פֿון נישט רײַפֿע איבערקלויבער...

## אַן אַלטע סאָסנע

האָט אַ סאָסנע, אין עלטער אין הויכער צעבליט —
זיך אַראָפּגעזעצט טיף, ווי צו תּפֿילה פֿאַרקניט
און — זי בליט אַזוי, קניִענדיק,
קניט אַזוי, בליִענדיק,
טראָגט אויפֿן קאָפּ נאָך די קרוין, די לאַנגאָניקע —
גאָלדיק און גרין, ווי מיט ליכטלעך געצונדענע,
אָבער — שוין מאַטע, פֿון צײַטן פֿאַרשוווּנדענע,
צײַטן פֿון מאַכטיקייט,
צײַטן פֿון פּראַכטיקייט,
צײַטן מיט אייביקייט־שיינקייט פֿאַרבונדענע.

שטייט זי, די סאָסנע די אַלטע, אין לעצטן צעבלי —
אַראָפּגעזעצט, אָבער נאָך אַלץ נישט געבויגן,
נאָר אונטערגעשפּאַרט אויף אַ קנאָכיקער קני,
ווי עס וואָלט מיט דער קרוין זי, די ערד שוין געצויגן.

# גאָלדענע זאַמדן

## קעמלען

ציט אַנטקעגן זון פֿאַרבײַ אַ לאַנגער קאַראַוואַן
פֿון צוואַנציק מידבר־זאַמד־קאָלירטע קעמלען
מיט געלאַסענע, באַקלערטע, ריטמישע, און ווייכע טריט;
אויף יעדן קעמלהויקערס הילצערנעם געשפּאַן,
צעשאָקלט, ווי זיי וואָלטן אונטערדרעמלען —
ציִען די אַראַבער נאָגנדיק און שטיל אַ תּפֿילה־ליד.

צוואַנציק קעמלהעלדזער הויך פֿאַרריסן מיט די קעפּ,
באַהאָנגענע מיט קרעלן און מיט גלעקלעך,
וואָס פֿאַרלירן דין געקלימפּער און געקלאַנג, אין זאַמד,
וואָס גליט —
ציִען אין דער ברענענדיקער ליכט פֿון מיזרח־סטעפּ,
מיט וואַנדערלאַסט, מיט לאָגלען, זעק און זעקלעך,
און ס'ציִען בײַ דער זײַט זיך צוואַנציק קעמלשאָטנס מיט...

## קעמלען אינדערנאַכט

נישט צו וויסן וואַהין פֿונוואַנען —
ציִען ווי בגנבה מיט פֿאַרדאַכט,
פֿאַר מײַן פֿענצטער, לאַנגע קאַראַוואַנען
קעמלען אינדערנאַכט.

גלעקלעך קלינגען ווי פֿון ווינט באַוויגן,
די געשפּאַנען קלאַפּן שווערלעך, מיד,
קעמלפֿירער נאָגן שטיל, פֿאַרצויגן,
אינדערנאַכט אַ ליד.

ליג איך, וויג זיך מיט דער שטוב אין דרעמל,
הער איך: שטעלט אַ קאַראַוואַן זיך אָפּ,
און אין פֿענצטער זע איך: פֿון אַ קעמל
איינגערעמט אַ קאָפּ...

ס׳פֿאַלט אַ רוף, נאָך אים: אַ פֿײַף אַ טויבער —
ווערט געהיים מיר יעדער שאָרך און ריר,
ס׳דאַכט זיך מיר, אַז ס׳ציִען מחנות רויבער
אינדערנאַכט צו מיר.

גיי איך שוין אַראָפּ די טיר פֿאַרשליסן —
עפֿנט זי זיך אויף פֿון מײַן פֿאַרדאַכט:
שטייט אַ קעמל מיטן קאָפּ פֿאַרריסן,
איינציק אינדערנאַכט.

## אַפּגעריסן...

מיט אַ ליידיקן הילצן געשפּאַן אויפֿן האָרב,
מיט אַן איבערגעריסענעם שטריק אויפֿן האַלדז —
האָט אַ קעמל פֿון ערגעץ פֿאַרבלאָנדזשעט צום ים.

שטייט ער אַן איינזאַמער האַרט נעבן ברעג,
אַ זאַמדיק־קאָלירטער אין גאָלדענעם זאַמד,
דעם בויך נאָכגעלאָזט, ווי אַ באַלעם פֿון זעק,
דעם האַלדז אויסגעצויגן,
דעם קאָפּ הויך און זײַטיק,
די פֿיס אומגעלומפּערט צעשטעלט, ווי צום גיין —
היט ער דעם אייגענעם שאָטן בײַם זײַט,
ווי אַ נאַקעט פֿאַרקריפּלט פֿיר־פֿיסיקער שטאַם
פֿון אַן אוראַלט פֿאַרווילדעטן פֿײַגנבוים.

שטייט ער ווי אַרײַנגעוואַקסן,
שטייט און רירט זיך נישט פֿון אָרט;
אַ האַלב־פֿאַרנייגטער זיצט דער טאָג שוין אויף זײַן רוקן,
און קוקט אים ווי אין אומעט־טײַכלער
אַרײַן, אין די טונקל פֿאַרוואַסערטע אויגן,
וואָס טרערן מיט גאָלד און וואַרעם ליכט —
אַנטקעגן דער זון, וואָס זינקט אין ים,
און שרעקט אים מיט פֿאַרנאַכטן־רויש,
מיט אויסגוס נעבן זײַנע פֿיס
נאָר — ס'ענטפֿערט אים דער קעמל
מיט אַ לאַנגזאַם פֿויל באַוועגן מיטן קאָפּ, אויף: ניין! —
ער וועט נישט גיין...

גייט דער טאָג פֿון אים אַרונטער,
ווי דער פֿרומער קעמלפֿירער צו דער תּפֿילה —
זעצט זיך אויף זײַן אָרט אַרויף דער אָוונט,
נעפּלדיק און בלאָלער ווי אַ חלום,
לעשט אים אין די אויגן אויס די שקיעה,
צינדט אין זיי פֿיאָלעטיש צער
פֿון שטומען יאָר און עלנט —
פֿאַררײַסט ער העכער מיטן האַלדז און קאָפּ,
און דרייט מיט אים נאָך איינגעעקשנטער, אויף: ניין! —
ער וועט נישט גיין...

איז אַראָפּ פֿון אים דער אָוונט,
און די נאַכט אויף אים אַרויף,
געזעצט זיך מיט דער פֿינצטערניש צעהאָנגען
ווי אַ בעדויִנער אין זײַן שוואַרץ־צעלאָפֿענער אַבאַיע —
האָט דער קעמל מיטאַמאָל ווי אײַנגעבראָכן זיך פֿון לאַסט —
אַ פֿאַל־געטאָן שווער פֿון די פֿיס אויף די קני.
דעם בויך דעם ריזיקן ווי אײַנגעגראָבן אין דער ערד,
דעם האַלדז ווי צו דער שחיטה אויסגעשטרעקט
אַרויף, צום טיפֿן אויסגעשטערנט סאַמעט־ווייכן הימל,
און מיט פֿאַרפּאַקטע אויגן פֿול מיט נאַכט —
געזוכט־וואָס אין די פֿלעמלענדיקע ווײַטן,
מיטן קאָפּ זיך ווי מיט עמעצן געווערט,
געדרייט מיט אים אויף רעכטס און לינקס, אויף: ניין! —
ער וועט אין קאַראַוואַן־אַרײַן צוריק נישט גיין...

## אין די בערג, ירושלים׳ס

א

בערג מיט אַקסלען און מיט פּלייצעס,
שנײַדן מיט די שאַרף־האַרבאַטע רוקנס זיך אַרײַן
אין ווײַסלעכבּ פֿונעם אָפּגעקילטן אָוונט־הימל,
ווי פֿאַרריסענע און שטײַפֿע קעמלען
וואָלטן קאַראַוואַנענווײַז, צעשאָטענע,
געצויגן מיט דער נאַכט אויף זיך —
באַלאַגערן די טויערן פֿון ירושלים.

ב

אַ באַרג טראָגט אַ באַרג אויפֿן קאַרק,
אַ טאָל פֿאַלט אַרײַן אין אַ טאָל,
און אַזוי אינדערלענג, אינדערברייט —
ציט פֿון בערג זיך אַ קייט נאָך אַ קייט,
ליגט די האַרטקייט די נאַקעטע, שטײַף
און באַדעקט מיט אַ פֿעלדזיקער שאָל,
און צעווישן — מיט טעלעגראַפֿדראָט —
גייען סלופּעס צעשאָטענערהייט,
לויפֿן רעלסן ווי שלאַנגען פֿון שטאָל,
וועקט די טויבקייט אַ שנײַדיקער פֿײַף
פֿון אַ באַן, וואָס זאָגט אָן, אַז זי גייט
צו דער הייליקער, שטיינערנער שטאָט,
און פֿירט לעבן אַדורך דורכן טויט —
איבער וועגן, וואָס וויקלען זיך שמאָל,
ווי אַ באַרג טראָגט אַ באַרג אויפֿן קאַרק,
און אַ טאָל פֿאַלט אַרײַן אין אַ טאָל.

## אויפֿן וועג קיין ירושלים

אין די בערג ירושלימס
ווו ס'באַהאַלטן זיך די וועגן,
וואָס צעלויפֿן זיך ווי שלאַנגען —
האָב איך, פֿאָרנדיק, געזען דיך
מאַמע — מאַמע־ערד.

געווען איז עס פֿאַרנאַכט.
די זון איז שוין געזעסן אויף די בערג־רוקנס,
און ווי אויף קעמלהאָרבן —
שטראַלנדיק געריטן צום פֿאַרגאַנג,
און רײַטנדיק — געלאָזט דיך הינטער זיך —
אין דײַן צעפֿעבערט הונדערט־פֿאַרביק קלייד,
וואָס פֿול איז עס געווען מיט ווייכע פֿאַלדן,
און די פֿאַלדן — פֿול מיט ליכט און שאָטן.

האָב איך דורכן פֿענצטער דיך געזען
אין לײַכטנדיקן אומעט —
טאָל־אַראָפּ און באַרג־אַרויף,
אויף טרעפּ פֿון שטיין און פֿעלדז;

אַלע ווײַל איז דיר אַ באַרג דעם וועג פֿאַרלאָפֿן,
זיך געשטעלט צעווישן מיר און דיר
מיט אַ האָרבאַטער פּלייצע —
אַ פֿאַרוואַקסענע מיט ווילדקייט פֿונעם בראשית;

אַלע ווײַל, ביסטו אַפֿער פֿון הינטער זיי,
ווי וואָלסט מיט מיר געשפּילט זיך אין באַהעלטעניש

ביז — ס'האָט די זון צום לעצטן מאָל
ווי דורכגעריסן זיך
דורך זיבן גראָע־בלאָע נעפּל־שלייערן,
און ס'האָט אויף דיר אַ פֿלייץ־געטאָן מיט פֿליסיק גאָלד,
ווי דורך אַ זיפּ
און — אויסגערונען מיטן טאָג צוזאַמען.

קיין ירושלים בין איך אָנגעקומען —
ווען די נאַכט האָט שוין געצונדן שטערן,
ווי די מאַמע — ליכט צום בענטשן;
אָנגעקומען מיט אַ גאָלדיק געפֿיל
פֿון בענקשאַפֿט און רחמנות צו דער מאַמע־ערד,
וואָס כ'האָב באַגעגנט אין די בערג
און זי געלאָזט דאָרט נעכטיקן אַליין...

## ירושלים

שטיין צו שטיין,
שטיין אויף שטיין,
איז פֿון שטיין דאָ יעדעס הויז.
אַזוי גאַס איַין,
אַזוי גאַס אויס,
באַהאַלטן אויך זיך געסלעך אויס
מיט טרעפּ אַראָפּ,
מיט טרעפּ אַרויף,
און ווו דו זאָלסט נישט גיין,
איז — שטיין,
און ווו דו זאָלסט נישט גיין,
איז — קנאָך
און שטויב פֿון שטיין,
וואָס לויפֿט דיר נאָך
פֿון מינדסטן ווינט,
און עסט דיך אויף,
און מאַכט דיך גראָ —
און מאַכט דיך בלינד,
ווען טאָג איז גאָלד אויף הימלבלאָ.

פֿאַרריסן, הויך, און איבער אַלץ:
דער לאַנגער האַלדז
פֿון מינאָרעט,
און ס'ווייַסע קאַפּל פֿון מעטשעט,
און קלויסטערקאָפּ,
און טורעמשפּיץ,

קופּאָלן, צלמים,
בליאַסק און בליץ,
וואָס פֿאַלט אויף שטיין מיט קלויסטערקלאַנג,
מיט מועדזינען־אויסגעשריי;
מ׳רופֿט צו תּפֿילה און געבעט —
אין אַלטער שטאָט:
צום אַלטן גאָט
פֿון רחמים, חסד און גענאָד;
אין נייַער שטאָט:
צום נייַעם גאָט,
וואָס וווינט אין שטיינער־האַקערײַ,
און רייַסט דעם פֿעלדז
און שטיינערבאַרג,
און וואַרפֿט דעם שטיין
אין געטערמאַרק...

## שאָפּען, אויף די גלעקער פֿון ירושלים

צוועלף ביַינאַכט.
ירושלים שלאָפֿט איר האַרטן געטערשלאָף,
און ס'ליגט איר מאַיעסטעט —
די הייליקייט, געבעט
אויף שוואַרצע בערג מיט וויַיסע שטיינערקעפּ,
ווי שלאָפֿנדיקע שאָף;
עס ליגט איר מאַיעסטעט —
די הייליקייט, געבעט
אויף שמאָלע קרומע בעטלערטרעפּ,
וואָס פֿירן געסעלעך אַראָפּ,
ווי קאַטאַקאָמבן צום פֿאַרלוירן־גיין פֿאַרדרייט,
און פֿול מיט גאָט,
מיט סוד,
און טויט.

ס'איז צוועלף ג'יַינאַכט.
ווי ס'וואָלט זיך אויסגעדאַכט —
האָט ערגעץ אין די בערג מיט פֿינצטערניש —
אַ קלויסטערגלאָק דערוואַכט,
זיך אויפֿגעכאַפּט
און אויסגעקלאַפּט
אַ שטילן, ווייכן זאַנפֿטן קלונג,
ווי ס'וואָלט אַ קילער שוואַרצער ווינט
געהאַלדזט אַ גלאָקנטורעם,
און נישט ווילנדיק — אַ צי־געטאָן אויף בלינד
די גלאָקנשטריק,

און ס'האָט נישט ווילנדיק געגעבן זיך אַ וויג,
אַ שלעפּעריקן וויג אין מויל פֿון גלאָק — די צונג,
אַרויסגעלאָזט אַ קלונג,
אַ קלונג אין נאַכט פֿאַרלוירן,
און אַ צווייטן, און אַ דריטן קלונג און קלאַנג געבוירן,
און דער ריז : דער גלאָק, דער וועקער —
אויפֿגעוועקט האָט זײַנע גלעקער :
האָט אַ גלאָק, אַ גלאָק צעטראָגן,
האָט אַ קלאַנג, אַ קלאַנג צעשלאָגן,
און אויף טויזנט שפּליטער־קלאַנגען,
ווי צעקלונגען וואָלטן זיך די שטערן :
דין צעשאָטן זיך, צעגאַנגען,
זיך צעפֿאַלן נישט צום הערן,
און געשטאָרבן פֿאַרן אויער.
— — — — — — —
ס'האָבן גלעקער אין ירושלים
אויסגעקלונגען שאָפּענס מאַרש פֿון טרויער.

## אַראַבקעס מיט אַרבוזן

ווי אַ טשאַטע קראָען בײַ אַ מאָלצײַט —
זיצט אין שאָטן פֿון אַן עקאַליפּטוס,
די פֿיס אונטער זיך,
ווי צעוויגט אויף די היפּטן —
אַ קרענצל אַראַבקעס אין שוואַרצן,
און טראָגן אונטער צו די טאַטויִרטע מײַלער:
צעשלאָגענע, שאַרבנס
פֿון קעפּ פֿון אַרבוזן,
וואָס רייטלען צעעפֿנט
בײַ זיי אויף די שויסן...

אויגן בליצן ווי די מעסער,
ליפּן ציטערן פֿאַרשׂרפֿעט,
ציינער לאַכן פֿון הנאָה,
בײַסן אײַן זיך מיט דער ווײַסקייט,
זוכן ס'האַרץ פֿון די אַרבוזן,
און עס פֿלייצט און ס'רינט די קוועלונג
איבער גאָמבעס,
איבער פֿינגער,
אַז — געגעסן און געטרונקען
און געשטילט דעם דורשט און הונגער...

## סאַברעס

אין קרומע צעלאָפּענע שורות
אויף וויאָרסטן און מײַלן —
ציִען זיי זיך ווילד, צעוואַקסן,
זיי — דאָס אָרעמסטע געוויקס דאָ אויף די וועגן:
סאַברעס.

בלעטער — האַרט און גרויס ווי פּנימער פֿאַרגרינטע,
בלאַט צו בלאַט, ווי קאָפּ צו קאָפּ,
צווײַגן — אויסגעדרייטע הענט פֿון קריפּלען,
צווײַג אין צווײַג, ווי האַנט אין האַנט —
פֿלעכטן זיי זיך,
האַלדזן זיי זיך,
דריקן זיך צונויף אין דאַרקייט,
פֿאַלן קוסט אויף קוסט פֿאַרחלשט,
שטיקן זיך און ווערגן זיך,
פֿרעסן זיך פֿאַרביטערטע,
און קריכן זיך מיט נאָדל־נעגל
איינס אין צווייטנס לײַב אַרײַן,
בײַם היטן פֿרעמדע האָב און גוטס
פֿון כרמים און פּרדסים.

אונטער זיי — באַשיצטע, זאַטע —
קאָקעטירן פֿרישע ביימלער
מיט מאַראַנצן ,מאַנדלען, איילבירט,
ווײַן און כּל־טובֿ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט;

און אין קרומע צעלאָפּענע שורות
אויף וויאָרסטן און מײַלן —
ציִען זיי זיך ווילד צעוואַקסן,
זיי — דאָס אָרעמסטע געוויקס דאָ אויף די וועגן:
סאַברעס.

## ווען אייזלען שרײַען

שטעלט אַן אייזל זיך אַוועק אין מיטן גאַס,
פֿאַררײַסט דעם קאָפּ אַרויף,
און ווי אַ הונט אַנטקעגן דער לבֿנה —
נעמט ער שרײַען, שרײַען צו דער זון
אַ דורשטיק, הייס געשריי,
וואָס שנײַדט ווי מיט אַ זעג אַדורך
די גליִענדיקע לופֿט,
און ווערט פֿאַרשריגן
פֿונעם שרײַענדיקן ליכט.

און אַז אַן אייזל שרײַט אַזוי —
דאַכט זיך מיר ווי כ'וואָלט געהערט,
אַזוי ווי קיין מאָל נישט געהערט:
אַ ווײַטע, ווײַטע סקריפּערײַ,
אַ גרילצערײַ, אַ קלימפּערײַ
פֿון בלעך פֿון עמער ליידיקע,
וואָס לויפֿן אײַליק אויף און אָפּ
אויף שטריק און קייטן נאָכגעלאָזט
אין טיפֿע ברונעם־העלדזער.

## אַ ליידיקער עמער

דער טאָג האָט געשריגן פֿון דורשט און געבּרענט,
און ס׳האָבן בײַם ברונעם געריסן זיך הענט,
און מיד — איז פֿאַרחלשט־געוואָרן אין לויף —
אַן עמער אַראָפּ און אַן עמער אַרויף...

איצט הענגט ער און וויגט זיך אַהין און צוריק —
געלאָזט פֿון אַ ווינטל באַוועגן די שטריק,
אַ ליידיקער עמער וואָס פֿול איז מיט רו
און בלאָקייט פֿון אָוונט און נאַכט וואָס רוקט צו.

## מיט דער לאַסט פֿון מידבר

ווי אַ קעמל
אָנגעלאָדן מיט דער לאַסט פֿון מידבר —
גיי איך מיטן קאָפּ פֿאַרריסן אינדערהויך,
און טראַג צו די גלײַיקע ווײַטן,
מײַן אומעטיק, סטעפּישע פֿרײַקייט...

דער בליק מײַנער גליט —
ווי דער דורשט מײַנער ברענט,
און דער ברונעם איז טיף,
אַזוי זעלטן און טיף,
און דער האַלדז, אַזוי קורץ...

דאָס האַרץ טרײַבט די פֿיס צו אַ קוואַל
און די פֿיס שלעפּן פֿויל זיך און מיד,
און לאָזן נאָך זיך אין די זאַמדן
פֿאַרחלשטע טריט...

## געקריינטע בערג

פֿאַלט דער טאָג —
הייבן בערג זייַן פאַרבן־רײַכע בגדי־מלכות,
הייבן־אויף זייַן פֿאַרלוירענע זוניקע קרוין
און קריינען זיך,
קריינען זיך אַליין;
עס פֿאַלט דאָס גאָלד זיי פֿון די קעניגלעכע מאַנטלען
מאַט און אָן אַ קלאַנג אַרונטער צו דער ערד,
און ס׳וואַלגערן זיך נאָכגעשלעפּטע פּאָלעס ליכט אין שטויב;
דער בין־השמשות הייבט זיך,
שטייַגט און קלעטערט
איבער האַרטע בערג־רוקנס
צו בערגיק־שטייַפֿע קעפּ
און, רייַסט זיי אין פֿאַרריסנקייט אַרונטער
אין דער נאַכט.

## חמסין

חמסין איז — מידברישער אָטעם וואָס גליט
פֿון זאַמדן פֿון הייסע — מיט שפּורן פון טריט
וואָס קעמלען נאָר, לאָזן זיי איבער נאָך זיך
און, ווינטן פֿאַרווישן מיט זאַמדן זיי, גיך.

חמסין איז — די ווילדע מידברישע פֿריַי.
דער שטומער געשריי פֿון אַ יעדער בעל־חי,
וואָס דורשט — אויף צו ווערן פֿאַרברענט און פֿאַרצערט.
חמסין איז — באַהעפֿטונג פֿון הימל און ערד.

# פֿון צווייטן בראשית

*

דער „דאָרטן" זאָל אונדז דאָ נישט איבערחזרן זיך ווידער —
דאַרף בײַשטיין אונדז דער קאַמף־גײַסט פֿון די
געטאָגראַדער ברידער,
וואָס האָבן ביז צו אומקום זיך געשלאָגן פֿאַר באַפֿרײַונג —
ווי אונדז קומט אויס דאָ שלאָגן זיך, פֿאַר אויפֿקום און באַנײַונג.

זאָל בײַשטיין אונדז דער גייסט פֿון זיי, די געטאָ־מכבי׳ער,
וואָס האָבן מיטן אויפֿהייבן די פֿאָן פֿון קאַמף פֿון זייער —
דערהויבן זייער גבֿורה צו אַ קדושה פֿון אַ גלויבן,
און פֿאַלנדיק — די הייליקייט פֿון מענטש אַרויסגעהויבן.

## עס. אַ. עס.

אַן אומעט איז באַפֿאַלן מיך אין לאַנד פֿון אונדזער גרויסער פֿרייד,
אַן אומעט, אין דער לעבעדיקסטער גרויסשטאָט: תּל־אָבֿיבֿ —
באַנומען האָב איך דעם יאַריד דאָ אין זיין גאַנצער טיף און ברייט,
איך האָב דערזען דאָ זיך און אַלע, אויף אַ רעטונגשיף.

יאָ, ס׳לאַנד דאָ איז אַ רעטונגשיף אויף אַלע ימען פֿון דער וועלט,
אויף אַלע שוואַרצע וואַסערן — אַ ברעט נאָר אויפֿן ים,
אַ רעטונגשיף אַנטקעגן שטורעם אויפֿגעלויכטן, אויפֿגעהעלט —
צום אויפֿנעמען די טרענקענדיקע ברידער פֿון מיין שטאַם.

איז אומעטיק מיר איצט דערפֿאַר געוואָרן דאָ אין פֿרייד־געברויז
פֿון גלות־יידן, גלות־שפּראַכן פֿון דער וויַיטסטער פֿרעמד,
וווּ הפֿקר לעבט אַן אומה ווי צעשטויבט פֿון ווינט, אין חורבות בלויז,
און רייַסט זיך מיטן לעבן פֿאַרן פּרייַז פֿון לעצטן העמד...

עס שלאָגט פֿון די, וואָס שיפֿן לאָזן דאָ אַראָפּ טאָג אויס, טאָג איין —
מיט טשאַד פֿון פליגל וואָס מען האָט אין שׂריפות אָפּגעזענקט,
איז ווי זאָל דער, וואָס פֿילט דעם ריח זיי׳רן, פֿריילעך זיין,
אַז ס׳האָט די רעטונגשיף אַ טראָפּן נאָר פֿון ים געברענגט ;

אַז כ׳הער די הילף־רופֿן און זע די רויטע צייכנס : עס. אַ. עס.
און כ׳ווייס, אַז אונדזער לאַנד דאָ, איז אַ קליינע רעטונגשיף —
איז טרויעריק דערפֿאַר ווי אין דערוואַרטונג אויף אַ גרויסן נס,
און אומעטיק, אין אונדזער גרויסער פֿריידשטאָט : תּל־אָבֿיבֿ.

# פֿון הייליקן אָרעם־מאָלצײַט

דעם אַרבעט־באַטאַליאָן (גדוד העבודה)

מען דאַרף אַראָפּוואַרפֿן די שיך
און וואַשן זיך די פֿיס,
ווי בײַם אַרײַנגיין אין אַ מיקדש —
צו זײַן אויפֿן הייליקן אָרעמען מאָלצײַט:
דער סדר פֿון קרבן־מזבח די וואָך־טעג,
צום יום־טובֿ פֿון אויפֿבלי,
אויף סטעפּישער וויסטקייט פֿון דורות...

וואָס קאָן פֿײַערלעכער זײַן
פֿון זען, ווי יונגע זין און טעכטער,
פֿרעמדלינגען, פֿאַרטריבענע
ווי פֿייגל פֿון די קאַלטע לענדער —
זיצן דאָ געברידערט און געשוועסטערט,
אָן טאַטע־מאַמע,
זיצן ווי זיווגים אין דער חופּה־נאַכט
בײַ אויסגערוקטע טישן ברויט
פֿון אייגענע פֿעלדער,
ווו ס'איז ערשט נישט לאַנג געשלאָפֿן
די האַרטע, געשטיינערטע וויסטקייט —
אַ שלאָף פֿון יאָרטויזנטער...

וואָס קאָן ליכטיקער זײַן
פֿון צעשטראַלונג פֿון אויגן —
מיט ליכט פֿון געזיכטער —

און ליכט פֿון פֿאַרוואַשענע אַרבעטער־העמדלעך
פֿון גראָשענע לײַוונטס,
וואָס בלאַנקען פֿון ווײַסקייט,
ווי קיטלען אויף יונגע כּוהנים...

וואָס קאָן שענער זײַן און זיסער
פֿון שטילן צעברומונג
בײַם עסן דערלאַנגען,
און ס׳זינגען באַגלײטט מיט געקלאַנג
פֿון די גאָפּל און מעסער,
און אונטערגעכאַפּט מיט געפּויק
אויף די בלעכענע טעלער...

און וואָס קאָן דערהויבענער זײַן
און נאָך העכער
פֿון טאַנץ פֿון פֿאַרגעסונג
אין שיכּרות פֿון גלויבן,
אַז מאָרגן, אַז מאָרגן — — —
און ס׳דרייט זיך אַ מענטשנראָד
וואָס אַ מאָל גיכער,
און שווינדלט פֿון שנעלקייט
פֿון ווינטיקע פּיס
און פֿאַרריסן־צעפּאַטלטע קעפּ,
ווי אַ וואַלד אין אַ שטורעם
וואָס לייגט זיך אַ באַרויִקטער אַוועק
אין האַלבער נאַכט,
און חלומט אין דער מידקייט אויס אין איר
דעם נײַעם, מאָרגנדיקן גרויסן טאָג.

## בײַ אונדז אַ קינד

נישט דער מאַמעס אַ צירונג אין הויז,
נישט דעם טאַטנס אַ קדיש —
איז אַ קינד בײַ אונדז...

בײַ אונדז אַ קינד,
איז אַ זוניקער שטראַל,
און אַ ליכטיקער טרייסט
פֿאַרן אָרעמען לאַנד.

בײַ אונדז אַ קינד,
איז די זריעה אין פֿעלד,
דאָס בליִעכץ און זאַפֿט
פֿון ווײַן און מאַראַנץ.

בײַ אונדז אַ קינד,
איז דער פֿרײַהייט־געזאַנג,
דער פֿריידיקער אָנזאָג
אויף שפֿע און זעט,
פֿון אַ גאָלדענעם שניט
אויף דער שטיינערנער ערד,
וואָס לײַב האָט צעאַקערט,
און שווייס האָט גערירט...

אַז די שעה זאָל נישט זײַן,
און אַ קינד שטאַרבט בײַ אונדז —
איז עס אַלעמענס קינד,
איז עס אַלעמענס צער,

וואָס גייט־אויף ווי אַ ליכטיקע טרער אינעם אויג,
און נידערט אין טרויער
אין טאָל פונעם האַרץ,
און בעט אינדערטיף
אויף אַ טרייסט פֿאַרן לאַנד...

## פֿון עמק

נישט צום דערקענען — ווי ס׳האָט זיך געביטן.
איך בין דאָ געווען, ווען מען האָט נאָך געשניטן
דעם ווייץ און דעם גערשטן פֿון שניט פֿונעם ערשטן,
דער אָרעמער שניט, וואָס ער האָט נאָר געגעבן
אויף בלויז, ווי מען זאָגט: צו דערהאַלטן בײַם לעבן,
און זאָט־זײַן דערווײַל פֿונעם צוזאָג אויף מאָרגן.

האָט מען אַזוי זיך געטרייסט און געוואָרגן
מיט ביסנס מיט האַרטע, אַזוי ווי די שטיינער,
און ס׳האָבן די זאַמדן פֿון סטעפּ און פֿון מידבר
אין משך פון יאָרן געקנאַקט אין די ציינער,
און האָבן נישט איינעם די ציינער צעבראָכן
פֿון בײַסן און רײַסן דעם באָדן דעם האַרטן,
דערנאָך, זענען אויגן פֿון קאָפּ אַזש געקראָכן —
פֿון שטענדיקן אויסקוקן, שטענדיקן וואַרטן.

און אָט, ווי עס האָט זיך אין קיבוץ געביטן —
עס איז מיר דעם עמק איצט שווער צו דערקענען,
די זון נאָר ברענט ווײַטער, און דראָט מיט פֿאַרברענען,
נאָר ס׳פֿעלט נישט קיין שאָטן דאָס פּנים צו לעשן —
ווי ס׳פֿעלט נישט אין שײַער, ווי ס׳פֿעלט נישט אין שפּײַכלער,
די פֿרוכט פֿון פֿאַרעקשנט־צעבלוטיקטע הענט
פֿון כּוחות פֿון יונגע, וואָס האָבן חמסינען —
מיט אייגענעם פֿײַער אַנטקעגן־געברענט,
אַנטקעגן־געפֿלאַקערט, אַנטקעגן־געפֿיבערט,
אַנטקעגן־געשטעלט און אַנטקעגן־געקרענקט

און, ביז אין חצות — מיט געזאַנג און מיט טענץ
אַרום שײַטערס — די רעשט זיך אַ קרבן געברענגט.

און אָט איז אַ קיבוץ אַ פריצישער הויף שוין,
אַ פריצישער גוט, נאָר אָן האַר און אָן קנעכט,
עס לעבט זיך איצט גוט אין אים, גוט, ווי עס האָט זיך
בשותּפות געלעבט אַמאָל ערגער פֿון שלעכט —
אַז געדאַרפֿט האָט מען שטילן דעם בראַנדיקן דורשט,
און אַרויסשלאָגן ס'מאָגערע טעגלעכע ברויט,
ווו עס האָבן זיך פֿייגל אַפֿילו געשראָקן —
אַראָפּלאָזן זיך אין דער וויסטקייט פֿון טויט...

און אָט אַזאַ שיינקייט! און אָט אַזאַ רחבות!
און אָט ווי עס וואַקסט, ווי עס בליט אַלץ און גרינט!
זאָל ווויל זיי באַקומען! כ'פֿאַרגין עס דער „חברה" —
זיי האָבן זיך כשר עס, כשר פֿאַרדינט.

## אין עין־השופט

א

ערד און הימל, הימל, ערד און ווײַטן.
איך — אין מיט פֿון פֿעלדער און פֿון סטעפּעס
אַקוואַרעלן־פֿאַרביקע, צעלייגטע,
ווי די לאַנדקאַרטעס צו לערנען עפּעס...

ערשט נישט לאַנג, איז נישט געווען דאָ גאָרנישט.
ביז נישט לאַנג, איז נישט געווען דאָ קיינער.
פֿאַר אַ סימן נאָך פֿון מעשׂה־בראשית —
ליגן ווי די ציינער־פּיעניעס: שטיינער.

שטיין און גראָער שטיינמעל אויף די וועגן,
וואָס זיי פֿירן ביז אַרײַן אין ישובֿ,
צו אַ קאָלעקטיוו וואָס האָט מיט לעבן
אָפּגעטאָן דער טויטער וויסטקייט — בישוף;

איינס פֿון אַלע וווּנדערס אינעם לאַנד דאָ
אויף אַכזריותדיקער ערד, אויף האַרטער;
וווּנדער, וואָס באַווייזן קאָנען די נאָר,
ווען דער גורל מאַכט פֿאַר אײַנגעשפּאַרטע.

ווען דער גלויבן מאַכט פֿאַר אײַנגעעקשנט —
מוז דעם חלום אין אַ וואָר פֿאַרוואַנדלען,
אַז אויף שטיין אַפֿילו זאָל דאָ אויפֿגיין
ברויט און טרויבן, איילבירטן און מאַנדלען;

אַז דער עפּלבוים זאָל דווקא בליִען —
ווו מען האָט אים נישט געקאָנט דערוואַרטן;

אַז פֿון אונטער אַלע שטיינערשיכטן
זאָל דאָס וואַסער שטראָמיק זיך אַ שפּאַר־טאָן —

אָנצוטרינקען יעדן דורשט, וואָס ברענט דאָ
אויף די הייסע פֿעלדער ,אין די סטעפּעס,
אַקוואַרעלן־פֿאַרביקע, צעלייגטע,
ווי די לאַנדקאַרטעס צו לערנען עפּעס...

ב

אַ קיבוץ ווי אַלע קיבוצים:
מיט מענטשן, וואָס זענען באַנייַער
פֿון שטייגער פֿון לעבן, און ווייסן
וואָס ערד איז, און פֿילן ווי טייַער
ס׳איז אונטער די פֿיס האָבן באָדן,
אויף פֿול־מאַכן שפּייַכלער און שייַער.

אַ קיבוץ ווי אַלע קיבוצים:
מיט אָפֿענע טירן און טויער,
מיט דאגות אַ סך פֿאַרן משק,
מיט אייגענע שׂמחות און טרויער,
מיט בענקשאַפֿט צו ווייַטן — נאָך נאָנטע,
וואָס פֿילן זיי אָן מיט באַדויער.

אַ קיבוץ ווי אַלע קיבוצים,
וואָס האָבן פֿאַרנומען זיך העכער:
ער ליגט צווישן בערג אויף אַ באַרגפּלאַך,
ווו ס׳פֿאָכעט מיט ווינטיקע פֿעכער,
און פֿול זענען טאָלן, אַזוי ווי
מיט קילע געטראַנקען אין בעכער.

## שמירה

פֿאַר גלילה און אַלטער יאַבלאָנקאַ
אין עין־השופֿט

נאַכט.
עס שלאָפֿט דאָס פֿעלד,
און אויפֿן פֿעלד — דער ווינט.
עס שלאָפֿן אין די שטאַלן שאָף און רינד,
און אין די הײַזער — מאַן און ווײַב און קינד.
עס שלאָפֿט די מי,
די מי פֿון די,
וואָס פעדערן זיך פֿרי —
געוועקט פֿון עול.
עס שלאָפֿט אַיעדער פֿויגל אין זײַן נעסט.
עס שלאָפֿן באַרג און טאָל,
נאָר שטענדיק לײַכט אַ ליכט זיך אינדערנאַכט,
און שטענדיק איז פֿאַראַנען ווער, וואָס וואַכט,
און שטענדיק הערן אינדערנאַכט זיך טריט,
וואָס זאָגן: שלאָפט, שלאָפֿט רויִק,
איך בין וואַך, איך היט, איך היט.

## אַכזריותדיק שיין...

אַכזריותדיק שיין ביסטו היים מײַנע, נײַע,
אַכזריותדיק אפשר נאָך מערער פון שיין,
ביסט אָנשטאָט אַ האַרציקע מאַמע, אַ טרײַע —
אַ טאַטע, אַ שטרענגער, אַ האַרטער ווי שטיין.

אויך איך, דײַן באַזינגער, טראָג־אויס דײַן אַכזריות,
טראָג אויס זי אַפילו ביי מיר אין געזאַנג,
וואָס אָטעמט מיט ווינטיקער היץ פון מידבריות,
מיט אָפּהילך פון סטעפּ, און מיט דורשט און פאַרלאַנג.

ווער ווייסט דען ווי דו, וויפל ס׳האָט שוין געקאָסט אונדז
דאָס ברויט פון דײַן האַרטער, פאַרעקשנטער ערד?
פאַר וויפל נסיונות פאַר שווערע דו האָסט אונדז
געשטעלט — צו דערפּילן די אייגענע ווערט!

ווער ווייסט דען ווי דו, וויפל טויטקלעפּ מיר האָבן
באַקומען פאַר אונדזער געוואַגטן פאַרמעסט —
צו ווען דײַן קוואַליקע טיפקייט דערגראָבן
און גרייכן די הייך צו דער אָדלערשער נעסט...

אויך מיר, דײַן באַזינגער, האָט ווונדן אויף ווונדן —
די דאָרניקע שטעכיקייט דײַנע, פאַרשאַפט,
דאָך האָב איך מײַן גורל מיט דיר נאָר פאַרבונדן,
ווײַל כ׳צי ווי אַ בוים פון די וואָרצלען — דײַן קראַפט —

אויף בייַשטיין און בייַקומען דייַנע קאַפּריזן
פֿאַר וואָס מען דאַרף זייַן ווי צום קאַמף אָנגעגורט —
צו קאָנען באַווייַזן וואָס ס'האָט שוין באַוויזן
אַ דור — אינעם גאַנג צו דייַן ווידערגעבורט.

## אויף די פֿעלדער פֿון ישראל

אויף די פֿעלדער פֿון ישראל,
אויף ישראלס האַרטער ערד —
זיצן יידן אויף אַ טראַקטאָר,
יידן צוויי מיט קאַלטן־בערד,
יידן — פֿונעם ווינט צעפּאַטלט,
יידן — פֿון דער זון פֿאַרברענט
און צופֿרידן, וואָס דער טראַקטאָר
גייט אין דינסט פֿון זיי׳רע הענט —
רופֿט זיך אָפּ איין ייד צום צווייטן:
האָסטו ווען געחלומט, האַ! —
אַ מלמד מיט אַ קרעמער
אויף אַ ריזיק פֿעלד אַזאַ;
דו געדענקסט די נויט אין שטעטל
אין דער היים דער אַלטער, האַ?!

אויף די פֿעלדער פֿון ישראל,
אויף ישראלס האַרטער ערד —
רײַטן בראַנדזענע צוויי יידן
אויף צוויי אויסגעשפּאַנטע פֿערד,
יידן — פּויערים — צוריק שוין
פֿונעם פֿעלד, ווי פֿון אַ שלאַכט —
רײַטן זיי און האַצקען אונטער
קעגן רויטלעכן פֿאַרנאַכט, —
רופֿט זיך אָפּ איין ייד צום צווייטן:
וואָלסט אַמאָל געגלויבט עס, האַ?! —
אַ לאַטוטניק מיט אַ בעדנער

אויף אַ גאָלדן פֿעלד אַזאַ;
האָט אַ ייד אויף פֿרעמדע פֿעלדער
אויך אַזוי געפֿילט זיך, האַ?!

אויף די פֿעלדער פֿון ישראל,
אויף ישראלס האַרטער ערד —
לערנט זיך „מנחם מענדל"
איבערשאַצן יעדע ווערט,
לערנט — ווי פֿון לופֿט־פּרנסות —
אָנהייבן צוריק פֿונסניי
פּראָדוקטיוו־זייַן, קאָלעקטיוו־זייַן
און געזונט — פֿון לעבן פֿריי —
רעדן צווישן זיך די יידן:
ווי געפֿעלן אײַך דאָ, האַ! —
די קיבוצישע קאָמונעס,
און אַ יוגנט אָט־אַזאַ;
דאַרף מען ערגעץ זײַן אין גלות —
אַז מען האָט אַ היימלאַנד, האַ?!

## אונדזער שכן

אין אונדזער ברוינעם שכן מיט דער אָרעמער קעפּאָיע
און אַבאַיע —
האָט זיך אין אַ טאָג אַ שיינעם, אויפגעוועקט דער סטעפּ,
און אינעם סטעפּ — דער ווילדער מענטש — די חיה,
און דער שכן איז, נישט מיר, נישט דיר, אַרויס
מיט בליצנדיקע אויגן און מיט שטשירענדיקע ציינער,
קעגן אונדזער הויז,
און אָנגעהויבן צו באַוואַרפן אונדז מיט שטיינער,
דערנאָך — געטאָן זיך פונעם אָרט אַ ריס,
און זיך אַרייַנגעריסן ווילד אין אונדזער גאָרטן,
און דאָס גרינס געגומען טרעטן מיט די פיס,
און וואָס ער האָט נישט מיט די פיס געקאָנט —
געריסן און געבראָכן מיט די הענט,
און וואָס ער האָט נישט מיט די הענט געקאָנט —
געלאָזט מיט פייַער און פאַרברענט.

און אַז דער ברוינער שכן אונדזערער
האָט אָפּגעטאָן שוין, וואָס ער האָט געטאָן,
און איז, ווי קיינמאָל גאָרנישט, מיטן פּנים קעגן זון
געקומען צו דעם ברונעם אונדזערן נאָך וואַסער,
און מיר האָבן אים אַ פרעג־געטאָן: היתכן?
ס'טייַטש?! — אַ שכן, נישט פון היינט אַ שכן —
גייט און נעמט — — —
און קומט נאָך אָן חרטה, אָן באַדוירן — — —
און דער שכן האָט זיך ווי אַ קינד פאַרשעמט
און ווי אַ שעפּס פאַרלוירן,
און פון גלאַנציקן און קופּער־ברוינעם שטערן —

מיט אַן אַרבל זיך אַ וויש־געטאָן דעם שווייס,
און תמעוואַט געשמייכלט מיט דער ציינער־ווײַסקייט:
— הע! איך ווייס?!
נישט אַנדערש, נאָר אַ שד האָט מיך געטאָן אַ כאַפּ,
— איך ווייס?! — געקומען די שאַבאַב,
געזאָגט: גיי נעם, ס׳איז דײַנס,
געזאָגט,
אַז אַלץ, וואָס איר פֿאַרמאָגט —
איז מײַנס,
געזאָגט, אַז יידן — — — —

האָבן מיר דעם שכן אונדזערן דערקלערט,
אַז ס׳איז זײַן אומצוטרוי און שרעק פֿאַר אונדז אומזיסט,
(אַז יידן ווילן זייער היים און זייער ערד),
אַז ערד, וואָס ליגט פאַרוואַרלאָזט און פֿאַרוויסט
און בעט זיך: נעמט, באַפֿרוכפּערט מיך, כ׳בין גרייט
צו צאָלן יעדן פאַר זײַן מי, מיט ברויט —
איז דאָ גענוג, אַפֿילו דאָ אין קליינעם לאַנד,
ווו ס׳שטיקט און דריקט אי אונדז, אי אײַך,
ווי מיט אַ שטיוול אויפֿן האַרץ — אַ האַנט,
אַ האַנט, וואָס שיצט נאָר די, וואָס זענען רײַך.

דער שכן האָט געהערט, געהערט,
און זײַטיק זיך פֿאַרקוקט,
און זײַטיק זיך פֿאַרקלערט,
געטאָן פֿון צושטימונג אַ רויען בריל: אַהאַ!
צום סוף, דערמאָנט זיך אָן זײַן פֿעטן בײַכיקן עפֿענדי,
און אַ שפּײַ־געטאָן: אַ קעלב אַזאַ!...

## נקמה

וואָס ווייסט אַ הונט דעם אונטערשיד
פֿון קריסט און ייד,
פֿון מוסולמענער און — בכלל —
פֿון ראַסנהאַס ביז גיפֿט און גאַל,
פֿון „ווײַסע״, „שוואַרצע״״, „ברוינע״,
וואָס דאָס ליכט — איז זייער שונא.

און דער הונט האָט נישט געוווּסט,
אַז ס׳קאָן דער באַלעבאָס זײַנער, דער ייד,
נישט איבערטרעטן מער די שוועל
פֿון אַבו־סיד —
דעם שכן זײַנעם, שוין פֿון כמה יאָרן;
ס׳האָט דער כלב נישט געאַנט
פֿון ברענענדיקן צאָרן,
וואָס איז פּלוצעם אויסגעבראָכן
קעגן באַלעבאָס זײַנעם —
מצד דעם שכן;
נישט געוווּסט: פֿאַרוואָס די בלאָע הימלען
ווערן שוואַרץ — בײַטאָג, און רויט — בײַנאַכט:
פֿון אונטערצינדונגען, פֿון איבערפֿאַל, פֿון שלאַכט.

און ס׳איז דער הונט, ווי קיינמאָל גאָרנישט
(פֿון געוווינהייט שוין) — אַוועק אַליין
צום שכן אַבו־סיד, זיך שפּילן מיט די קינדער,
אָדער אָפּלעקן ביי אים אין הויף אַ ביין
(ווי אַלע מאָל), נאָר אַבו־סיד

האָט אויך אויף אים געקוקט שוין פֿײַנטלער,
ווי ער וואָלט געזען בײַ זיך אַ ייד,
און אַבו־סיד באַשלאָסן האָט אים פּטרן.
ביז: איינמאָל, בײַ דעם הונטס אַזאַ וויזיט,
האָט אַבו־סיד אַ כאַפּגעטאָן אים פֿאַרן האַלדז —
דערשטיקט, און טויטערהייט —
צוריק אַרײַנגעוואָרפֿן אים צום ייד,
אויף יענער זײַט פֿון פּלויט...

## וותיקים

אין כפר מנחם, 1963

אונטערביימער און אויף טרעפּ און שוועלן —
זיצן דאָרפֿישע, קיבוצישע, פֿון די
וועמ׳ ס׳לאַנד צאָלט אָפּ מיט וווקס און בלי —
פֿאַר זייער שווייס און בלוט,
פֿאַר זייער מי.

זיי זיצן פֿאַר די הײַזער — מיט הנאה
פֿון די הימלען פֿון די זוניקע און בלאָע,
פֿונעם שעפּן לופֿט און שעפּן נחת
פֿונעם נאָכוווקס וואָס מאַכט פֿול דעם דרויסן,
און פֿון וואָס דען נישט?!

זיי האָבן דאָך דאָס לאַנד — נאָך אין די וויקעלעך —
געהאַלטן אויף די שויסן
און אַנטוויינט עס פֿון דער שרעק
פֿאַר יעדן פֿרעמדן שאָרוו און שאָרך
פֿון בריִענדיקן מידבר־העק,
און פֿאַר די וויסטע נעכט —
ווען מחנות אויסגעהונגערטע שאַקאַלן
זענען מיט געיאָמער און געקלאָג —
פֿאַרהונגערטע ישובים ווילד באַפֿאַלן.
זיצן זיי, די וותיקים די גראָע,
ווי מיט זילבער־קרוינען אויף די קעפּ
און — רוען, רוען אונטער ביימער
און אויף שוועלן זוניקע און טרעפּ

און — קוועלן, קוועלן אַן פֿון זייער אויפֿטו —
מיטן ווונטש אַז ס׳זאָל נאָך מערער ווערן,
און מיט אַ תּפֿילה מיט אַן איינציקער אין האַרצן:
אַז קיין פֿײַנט, חלילה, זאָל עס נישט צעשטערן...

## צוריק צו מיַין היימלאַנד

ס׳איז אומעטום גוט, אינדערהיים אָבער — בעסער.
ס׳איז אויגוסט. דער ים וויקלט ווייך זיך פֿונאַנדער,
און ס׳שניַידט זיך די שיף ווי אין פוטער אַ מעסער,
און פֿירט מיך צוריק פֿונדערפֿרעמד און פֿון וואַנדער;

צוריק צו מיַין היימלאַנד, מיט וואָס כ׳האָב געשלאָסן
אַן אייביקן בונד שוין, אויף טויט און אויף לעבן —
כאָטש כ׳האָב צו איר טענות מיט טויזנט פֿאַרוואָסן,
וואָס איך קאָן אַליין דעם באַשייד אויף זיי געבן.

מיַין היימלאַנד איז אָרעם און קאָן נאָכנישט נערן
און שטילן דעם הונגער פֿון אַלע, וואָס קומען
מיט אָפּפֿלוס פֿון בלוט און מיט צופֿלוס פֿון טרערן,
וואָס מאַכן נאָר ביטער און זאַלציק דעם גומען.

מיַין היימלאַנד איז אָרעם, נאָר שיין און דערהויבן,
און יום־טובדיק אויבעט אין נויט און אין מאַנגל —
געשפּיַיזט און געקרעפֿטיקט פֿון אַלעמענס גלויבן,
אַז ס׳וועט אונדז כדאַי־זיַין דער קאַמף און געראַנגל.

## צו אונדזער יום־טוב

כ׳בין שטענדיק געווען אין מײַן היימלאַנד דער זינגער פֿון אַרבעט און בוי,
כ׳האָב שטענדיק די ברידער באַזונגען אין שווערקייט פֿון היים־עול און יאָר,
איך האָב זיי מיט לידער באַגלייט, ווען אויף אַלץ איז, ווי בלוטיקער טוי,
געלעגן דער שווייס פֿון דער מי, און די שטויביקע גראָקייט פֿון וואָר.

הײַנט וועל איך זיי זינגען, די ברידער, אַ יום־טובדיק הלל־געזאַנג,
אַ ליד וועגן תּחית הארץ; אַ ליד וועגן תּחית העם —
נאָך דעם ווי אַ פֿאָלק איז געווען שוין צום־אויסגיין מסוכּנדיק קראַנק,
געווען שוין, נישט מער ווי אַ פּניאָק פֿון אַ בלוטיק־פֿאַרשניטענעם שטאַם.

און אָט סאַראַ בוים אַ געזונטער עס האָט פֿונעם פּניאָק זיך צעבליט —
אַן איבערגעפֿלאַנצטער פֿון היימלאָזע באָדנס — אויף אייגענער ערד,
אין אייגענער אַלט־נײַער היים, ווו מען לעבט שוין פֿון אייגענעם שניט,
אין אייגענעם זכות און מיט שטאָלץ פֿון דער אייגענער ווערט.

טאָ, זאָלן מיר טרינקען פֿון טאָליקע בעכער דעם אייגענעם ווײַן,
די אייגענע ריחות פֿון בליִ̇עכץ, וואָס ס׳טראָגט זיי אונדז אונטער דער ווינט,
און זאָלן מיר, שיכּורע, טאַנצן אין נײַעם באַגינען אַרײַן —
אַזוי ווי מיר וואָלטן, מיט טענץ און געזאַנג, ד׳עם באַשעפֿער געדינט.

און זאָלן אין טאָג פֿונעם יום־טוב — פֿאַרהייליקטע, ווערן דערמאַנט
די יונגסטע, בײַ וועמען די עלטערע האָבן בטחון געשעפּט:
די זין און די טעכטער, וואָס האָבן ווי לייבן געקעמפֿט פֿאַרן לאַנד,
געשלאָגן די שונאים, געזיגט און — דעם יום־טוב פֿון זיג, נישט דערלעבט...

# איבער חורבות

## איינער פֿון נאָך...

איך בין איינער פֿונעם יידיש־וואַלד
ווו ס׳פֿעלן זעקס מיליאָן געזונטע ביימער,
וואָס דאָס „הערן־פֿאָלק״
פֿון געטע און פֿון בעטהאָוון —
האָט אויסגעהאַקט,
פֿאַרברענט אויף קויל און אַש —
צוזאַמען מיט די פֿייגל אין די נעסטן...

בין איך איינער פֿון די טרויער־זינגפֿייגל,
וואָס פֿליִען פֿונעם פֿײַער־מבול —
מיט פֿאַרשׂרפֿעטע־אָפּגעזענקטע פליגל,
און מיט שקיעה־פֿלעמלעך אין די אויגן...

## ווי...

ווי קאָן אויף אַ רגע אַרויס פֿון זכרון —
אַז מ׳איז נאָך מיליאָנען אַן אבל געוואָרן,
אַן אבל נאָך שוועסטער און ברידער, וואָס האָבן
מיט אייגענע הענט זיך די קברים געגראָבן
און איינער דעם צווייטן געמוזט האָט פֿאַרשיטן —
נאָך דעם, ווי מען האָט זיי ווי זאַנגען פֿאַרשניטן.

ווי קאָן אויף אַ רגע אַרויס פֿון זכּרון —
אַז מ׳איז נאָך מיליאָנען אַן אבל געוואָרן,
אַן אבל, וואָס טרייסט זיך מיט דעם, אַז: נישט איינער
האָט ס׳לעבן פֿאַרטיידיקט מיט נעגל און ציינער,
באַשיצט עס, געהאַלטן עס פֿעסט ווי מיט צוואַנגען,
און נישט ווי די שאָף צו דער שחיטה געגאַנגען.

## מאַידאַנעק, טרעבלינקע, אָשוויענטשים

אויף די פֿעלדער פֿון מאַידאַנעק,
פֿון טרעבלינקע, און אָשוויענטשים —
טראָגן ווינטן, זייען ווינטן
אַש פֿון קויל־פאַרברענטע מענטשן —
אַש פֿון מײַנע ברידער, שוועסטער
וואָס די האַקנקרייצלער האָבן
אויסגעסמט און אויסגעשאָסן,
און אויך לעבעדיק באַגראָבן.

ווינטן, ווינטן, וואָס וועט אויפֿגיין
פֿון אַ זריעה, אָט אַזאַ מין ?
פֿון אַ זריעה, וואָס געבליבן
איז זי, נאָר גיהנום־פֿלאַמען...

ווינטן ווייסן גאָרנישט, גאָרנישט,
האָבן גאָרנישט וואָס צו זאָגן ;
ווינטן דאַרפֿן נאָר צעזייען,
ווינטן דאַרפֿן נאָר צעטראָגן
איבער אַלע וויסטע פֿעלדער —
אַש פֿון קויל־פֿאַרברענטע מענטשן,
ווי אַ זכר פֿון מאַידאַנעק,
פֿון טרעבלינקע און אָשוויענטשים.

## נישטאָ !...

געענדיקט מיט מײַן אַלטער היים, געענדיקט!
נישטאָ קיין בריק קיין איינציקע, אויף צ׳ריק;
נישטאָ כמעט קיין שפור פֿון יידיש־וואַרשע —
די היים־שטאָט, ווו געשטאַנען איז מײַן וויג.

געבליבן בלויז, דערציילט מען — ס׳בית־הקברות,
און אהל־פּרץ־דינעזאָן איז גאַנץ,
נאָר, ס׳איז פֿון פּוילנס יידן־וואַלד נישטאָ מער
ווער ס׳זאָל צו יאָרצייט לייגן זיי אַ קראַנץ...

נישטאָ שוין מער קיין „שבת־יום־טובדיקע״,
און אויך נישט די פֿון וואָכנדיקן שפּאַן;
נישטאָ, נישטאָ קיין „עמך, שער און אייזן״,
און יאָסעלער — נאָך ווייניקער פֿאַראַן.

נישטאָ שוין מײַנע לײַבלעכע און נאָנטע
מיט וועמען ס׳האָט מיך בלוט און פֿלייש געקניפּט;
נישטאָ שוין די, וואָס כ׳האָב באַקעמפֿט מיט אײַפֿער,
און יענע, וועלכע כ׳האָב אַמאָל געליבט.

נישטאָ, נישטאָ שוין — דאָס איז דער סך־הכל,
דער אונטערשטער, דער לעצטער שוואַרצער שטריך;
ווו דורכגעגאַנגען איז די פּעסט די ברוינע —
דאָרט האָט זי אומקום, טויט, געלאָזט נאָך זיך.

# אַ מצבה אין באַבי־יאַר

יעווגעני יעווטושענקאָ

באַבי־יאַר — דער ייִדן־ברידער־קבר,
באַבי־יאַר — דער באַרג מיט ייִדן־ביינער
איבער וועלכן ס׳פֿלאַטערן נאָר קראָען
און עס וויינט און קלאָגט דער ווינט אַליין נאָר —
האָט שוין אַ מצבֿה:

ס׳איז אַ ליד פֿון אַ פּאָעט אַ רוס,
אין לאַנד פֿון די סאָוויעטן;
אַ פּאָעט אַ יוצא דופֿן
פֿון אַ סך סאָוויעטישע פּאָעטן —
האָט דאָס ליד זײַנס בלוטיק אויפֿגעריסן,
ווי אַ טיפֿע וווּנד אויפֿן געוויסן.

באַבי־יאַר
און — וויפֿל ייִדן־צער!
און וויפֿל וויי און צאָרן
קעגן די, וואָס שטעקן נאָך בײַ זיך אין לאַנד,
אין זומפּ פֿון ייִדן־האָס —
ווי מײַז אין ווייץ און קאָרן,
און ווי שדים, וואָס מען האָט זיי נאָך ביז איצטער,
מיט דער פֿינצטערניש צוזאַמען — נישט פֿאַרטריבן...

זאָל אַ טרייסט־זײַן, אַ פּאָעט אַ רוס,
וואָס האָט אַ ליד אַזאַ ווי „באַבי־יאַר" געשריבן.

## אין טאָג פֿון טרויער

פֿרידא שרירא־ניימאַן פֿון יאָהאַנעסבורג

אין טאָג פֿון טרויער נאָך די זעקס מיליאָן,
ווען ס׳פֿאָלק דעקט אָפּ די נישט־פֿאַרהיילטע ווונדן:
האָט פֿרידעלע (ווי ס׳וואָלט אַ גרויסע דאָס געטאָן) —
גענומען און אַליין זעקס ליכטלעך אָנגעצונדן.

אָנגעצונדן, און אַוועקגעשטעלט זיך קוקן
ווי זיי ברענען, ווי זיי פֿלעמלען, ווי זיי צוקן,
ווי זיי ציטערן און צאַפּלען, ווי פֿון פּחד.
פֿרידעלע איז מיטן טרויער זיך מתיחד.

שטייט זי שטום אַזוי אין ערגעץ־ווו פֿאַרטראָגן,
זי וואָלט וועלן עפּעס פֿרעגן, עפּעס זאָגן,
נאָר, ווי מיט אַ הײַטעלע אַ פֿײַכטס פֿאַרצויגן —
רעדן שוין פֿאַר איר די גרויסע, קלוגע אויגן.

קוקט זי, קוקט ווי אירע ליכטעלעך, זיי ווערן
וואָס אַמאָל אַלץ קלענער, גייען אויס אין טרערן,
ווי זיי וואָלטן אויבעט זייער גורל טיילן
מיט די זעקס מיליאָן, און — פֿרידעלע נעמט ציילן:

איין מיליאָן... אַ צווייטער... ס׳גייט שוין אויס דער דריטער...
פֿיר... שוין פֿינף... און — פֿרידעלע, זי טוט אַ ציטער,
ס׳האָט אַ וואָלקנדל פֿאַרצויגן איר געזיכטל.
ס׳איז איר אויסגעגאַנגען שוין דאָס זעקסטע ליכטל...

אין טאָג פֿון טרויער נאָך די זעקס מיליאָן,
אין טאָג, אין אייביקן, פֿון צער און צאָרן, —
זאָל יעדעס קינד — ווי ס׳האָט עס פֿרידעלע געטאָן:
זעקס ליכטלעך אָנצינדן — די קדושים לזכּרון.

## דעם טאַטנס טויט

דער טאַטע, דער דעמב אינעם היימישן טרויריקן וועלדל,
ווו ס'זענען דיביימער געוואַקסן, אַזוי ווי געשלאָגן —
דער טאַטע, דער דעמב, איז געפֿאַלן; ער האָט שוין דעם ברוינעם
טייוולאָנישן, בלוטיקן שטורעם, נישט איבערגעטראָגן.

איך בין ביי זיין טויט נישט געווען, נאָר כ'שטעל זיך אים פֿאָר מיר
(איך ווייס, אַז ער איז נישט אין שטורעם דער איינציקער קרבן),
נאָר ס'קאָן נישט קיין טרייסט זיין, די צאָל פֿונעם זעלביקן גורל
(דער טאַטע איז זיכער אין אייגענעם בעט נישט געשטאָרבן).

נאָר פּשוט געפֿאַלן, געפֿאַלן פֿון קעלט און פֿון הונגער
ביי זיך אינדערהיים, און ס'קאָן זיין, אַז אין גאַס אינעם מיטן
פֿון ייִדישן געטאָ אין וואַרשע, ווו ס'האָבן די דייטשן
דאָס ייִדישע לעבן, אַזוי ווי מיט קאָסעס געשניטן.

און זענען אַריין, ווי מיט העק, אינעם היימישן וועלדל
צו מיינע, וואָס זענען געוואַקסן, ווי ווערבעס געקרעניקטע,
אַריין און — דעם איינציקן דעמב אינעם וועלדל: דעם טאַטן —
פֿאַרשניטן די יאָרן, וואָס זענען געווען שוין „געשענקטע".

## אונטער די פּוילישע ביימעלעך

אונטער די פּוילישע גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך מער נישט קיין משה׳לעך, שלמה׳לעך,
שפּילן זיך מער נישט קיין שׂרה׳לעך, לאה׳לעך,
נישט אויף קיין גרעזעלעך, נישט אונטער שנייעלעך.

ס׳הילכן שוין מער נישט קיין ייִדישע שטימעלעך
פֿון די קונדסימלעך, מאַטעלעך, שימעלעך
מיט די צעקרעלטע, צעדראַפּעטע צורהלעך
פֿונעם באַוויַיזן וווּנדיירים און גבֿורהלעך.

טרויערן איצטער די פּוילישע ביימעלעך;
טויט זענען ייִדישע היימען און היימעלעך;
טויט זענען געסעלעך; חרובֿ — די היַיזעלעך
ווּו עס פֿאַרשטעקן זיך קינדער, ווי מיַיזעלעך;

ייִדישע קינדער מיט גרויסענע „אויגענעס״
שוואַרצע, אַזוי ווי מיט חושך פֿאַרצויגענע,
„אויגענעס״ פֿולע מיט פּחד פאַרלאָפֿענע
אונטערן אומגליק דעם „ברוינעם״, געטראָפֿענע.

## אַ בריוו קיין פוילן

כ׳האָב אַוועקגעשיקט אַ בריוו קיין פוילן
און אויף ענטפער אויסגעקוקט די אויגן;
איז דער בריוו אַהיים צו מײַנע נאָנטע,
ווי די טויב אין נחס צײַט, געפלויגן,

אָבער — נישט דערפלויגן אינעם מבול
אינעם גרויליקן, פון בלוט און פײַער;
נישט דערפלויגן ביז צו טאַטע־מאַמע
און צו יעדן דאָרט, וואָס איז מיר טײַער. —

איז די טויב צו מיר צוריקגעקומען
אָן אַ גרוס פון מ ײַ נ ע אָפּצוגעבן,
אומגעקערט זיך, ווי צו נחס תּיבה —
אָן אַ צווייגעלע אַ גרינס, פון ל ע ב ן;

און געברענגט האָט זי פון וועג בלויז אומרו,
טרויער און אַבילות אָן אַ שיעור
און, ס׳געפיל פון דאַרפן רײַסן ק ר י ע ה.
נאָר, נאָך וועמען זאָל איך רײַסן פריער? !...

## צו די אומגעקומענע פּאָעטן

ברידער מײַנע, אומגעקומענע פּאָעטן,
געפֿאַלענע צוזאַמען מיט די ביימער,
וואָס דער הוראַגאַן דער ברוינער
האָט מיליאָנען מיטן שורש אויסגעפֿליקט
און אויסגעריסן פֿונעם ייִדן־וואַלד.

פֿון וואָס וואָלט איר געזונגען, ברידער מײַנע —
ווען געלעבט וואָלט איר נאָך איצטער,
און געקענט נאָך איצטער זינגען —
ווען איר זעט דעם טיפֿן שניט אין שטאַם,
וואָס שטייט איצט ביזן האַלדז אין אייגן בלוט...

פֿון וואָס וואָלט איר געזונגען, ברידער מײַנע —
ווען איר זעט, ווי איך, דעם ברוך און בראָך,
די וויסטקייט פֿון די היימען אונדזערע —
ווו חורבֿות ליגן איצט, ווי שוואַרצע וואָלקנס,
וואָלקנס טרערן — צוגעפֿאַלן צו דער ערד.

פֿון וואָס וואָלט איר געזונגען, ברידער —
ווען געווען וואָלט איר אַבֿלים נאָך מיליאָנען,
און געדאַרפֿט זיך נאָך מיליאָנען קריעה־רײַסן,
און ווי איך — צום ווערן אײַנגעבראָכן —
טראָגן אויפֿן האַרץ אַ באַרג מיט טרויער.

וועגן וואָס וואָלט איר געזונגען —
ווען געלעבט וואָלט איר נאָך איצטער —
ברידער מײַנע, אומגעקומענע פּאָעטן.

## צו גאָט אין הימל

ווען כ׳וואָלט געווען געגלויבט אין גאָט אין הימל —
וואָלט איך היינט פֿון אים זיך אָפּגעקערט:
— געננוג דיר שוין געדינט
מיט תּפֿילות, דאַנק און לויב!
— געננוג מיטן אל רחום ואל חנון,
וואָס געווען איז בלינד און טויב,
און נישט געזען, און נישט געהערט,
ווי ס׳האָבן צו די שערי־רחמים
זיך געריסן פֿון גיהנומדיקער ערד —
אַ ים מיט הענט, מיט בעטנדיקע הענט,
אַ ים פֿון אויגן מיט תּחנונים און יללות —
פֿונעם ייִדן־וואַלד, וואָס האָט געברענט (און ברענט) —
אויף ברענענדיקער, פֿרעמדער ערד אין גלות. —

איז נישטאָ, נישטאָ קיין גאָט אין הימל,
וואָס פֿאַרנעמען זאָל געבעט און טרערן,
וואָס זאָל קאָנען אָפּרופֿן דעם גזר,
און זאָל אַליין פֿון גרויל און צער
פֿאַרציטערט ווערן,
און אַראָפּלאָזן זיין שטראָפֿנדיקע האַנט, אויף די,
וואָס האָבן ס׳מענטשלעכע — אין חיהשקייט פֿאַרלוירן,
און מיליאָנען פֿון זיין פֿאָלק, זיין אומבאַשיצט —
געפֿירט צום טויט, דורך זיבעציק גיהנום־טוירן;
זיי געפֿירט ביים ליכט פֿון טאָג,

און פֿאַר די פֿרעכע אויגן פֿון אַ וועלט,
וואָס האָט ווי גאָט — פֿאַרברעכעריש געשוויגן,
זיך געמאַכט נישט זען, נישט הערן —
ווען פֿון טויט־פֿאַבריקן, האָבן קוימענס
וואָלקנס ייִדן־אַש, ווי קלעק געשפּיגן
אויף די הימלען, אויף דער זון, און אויף די שטערן.

## צו אלע נישט־ייִדן

ס׳איז שיין אין אײַערע לענדער, שיין און גוט,
און העפֿלעך זענט איר, העפֿלעך אויך צו מיר, דעם ייִד;
פֿאַרוואָס־זשע פֿעלט מיר אויס בײַ אײַך קוראַזש און מוט,
צו שטעלן דרייסט און זיכער מײַנע טריט?...

כ׳האָב גוטס און נאָבלס וועגן אײַך געהערט —
(ווען ס׳האָט געהאַלטן אײַך בײַם האַלדז, די היטלער־האַנט),
און איך — איך פֿיל בײַ אײַך נישט אונטער זיך די ערד,
ווי כ׳פֿיל זי אין מײַן אייגן אָרעם לאַנד.

זײַט מוחל מיר מײַן אומצוטרוי צו אײַך,
(ווי צו דער קריסטלעך־ליבנדיקער וועלט בכלל):
די „ייִדן־ליבע״ שעפּט איר אַלע, אַלע גלײַך
פֿון טיפֿן מיטלאַלטערלעכן קוואַל...

זײַט נאָך אַ מאָל מיר מוחל, מיר, דעם גאַסט
דעם פֿילבאַרן, פֿאַר יעדן דינסטן ייִדן־שטאָך,
וואָס קומט (נישט אַנדערש) ווי פֿון זײַן צו אונדז פֿאַרהאַסט
און — מיטשולדיק אין אונדזער גרויסן בראָך.

יאָ, יעדעס פֿאָלק האָט זײַנע ל״ו, —
נישט איינער האָט פֿון אײַך געראַטעוועט אַ ייִד;
פֿאַרוואָס זשע קוקט איר עס אויף אונדז נאָך, ווי אויף שאָף
אויף נישט דערקווילעטע אין היטלערס שניט?...

פֿאַרוואָס זשע וווּנדערט איר זיך, הלמאַי
מען זעט אונדז נאָך אַ סך און, אויך אין לאַנד בײַ אײַך —

מיט אונדזער „חוצפה״: אָנצוּהייבן פֿון דאָס נײַ
צו זײַן מיט מענטשן און מיט פֿעלקער גלײַך.

ס׳איז שיין אין אײַערע לענדער, שיין און גוט,
נאָר ס׳איז נישט ניחא מיר צו עסן אײַער ברויט.
די ייִדן־שׂנאה ליגט שוין אײַך אין בלוט —
באַהאַלטן ווי אַ מעסער אין דער שייד.

## דאָס וויגליד פֿון „פּאָרגי און בעס"

ס'פֿאַרפֿאָלגט מיך דאָס וויגליד פֿון „פּאָרגי און בעס",
(וואָס די נעגער־מאַמע זינגט איר נעגער־קינד) —
אַ וויגליד, ווי אַ תּפֿילה אויף אַ נס,
אַ ליד — אַ שנײַדנדיקע ווײ און ווינד. —

פֿאַרפֿאָלגט עס מיך און — כ'גיי אַרום דערמיט,
ווי ס'וואָלט געווען אַן אַלט און היימיש ליד,
אַ ייִדיש וויגליד, וואָס מיט קלאָג פֿון ווינט —
פֿאַרוויגט האָט עס אַמאָל אַ ייִדיש קינד
אין טאַטע־מאַמעס היים: אין פּוילנלאַנד,
פֿון וואַנען כ'בין אַרויס ווי פֿון אַ בראַנד —
נאָך איידער ס'האָט דאָס טויער זיך פֿאַרמאַכט
און, זיך אַראָפּגעלאָזט די ברידערס אומקום־נאַכט.

דאָס וויגליד פֿון האַרלעם איז אויך פון אַ ייִד,
וועלכער איז אין נעגערס שוואַרצער הויט אַרײַן
און אויפֿגעזונגען זייער פֿאָלקסגעמיט
פֿון בונט, וואָס וואַקסט פֿון טרויער און פֿון פּײַן.

# דייַן אויפֿגיין

אַברהם סוצקעווער

איבער זייַלן רויך פֿון שׂריפֿות,
איבער וואָלקנס בלוט און טרערן,
איבער געטאָ־חורבֿות, ביסטו
אויפֿגעגאַנגען ווי אַ שטערן.

אויפֿגעגאַנגען גרויס און גלײַך,
אַ געלײַטערטער אין פֿײַער,
וואָס פֿאַרברענט האָט, און פֿאַרלענדט האָט
אַלץ, וואָס איז געווען אונדז טײַער.

אונדז, די ברידער פֿון מיליאָנען
אויסגעקוילעטע, פֿאַרגאַזטע,
וואָס זיי האָבן שוין אויף אייביק
אונדז געלאָזט נאָך זיך פֿאַרהאַסטע

צום לית־דין און צום לית־דיין
פֿון אַ וועלט אַן אומגערעכטער,
פֿון אַ וועלט, וואָס האָט געשוויגן —
ווען געשאָכטן האָבן שעכטער,

און דער וואַלד — דיך אויסבאַהאַלטן —
קעגן אומגעקומען ווערן,
און געהאָלפֿן דיר פֿון זײַנע
אָרעמס אויפֿגיין, ווי אַ שטערן;

ווי אַ שטערן, וואָס האָט קוים זיך
דורכן חשכות דורכגעשלאָגן,
און אַ וווּנדער־ליכט צום טרייסט אונדז —
ווי אויף פֿליגל צוגעטראָגן.

# אין באַוווינטן מידבר

א

מוראדיקער פֿון סאַהאַראַ־מידבד
איז — דער מידבר דער באַוווינטער,
ווו מען גייט נישט מיט קיין קעמלטריט,
נאָר מיט געאײַל און מיט געשטויס,
וואָס שטויסט אַוועק,
וואָס שטויסט אַרויס
און לאָזט פֿון הינטן די,
וואָס גייען נישט אין שפּאַן
און, לאָזן זיך נישט פֿירן ווי די פֿי...

ב

מידבר אין האַרץ — קומט פֿון דרויסן.
פֿון וויסטן, באַוווינטן אַרום,
ווי גלײַך זענען, דאַכט זיך, די וועגן,
נאָר ס'זענען די גענג אויף זיי — קרום
און פֿאַלש ווי די רייד פֿון אַ חונף,
און שלעכט, ווי אין חלום — תּהום.

מידבר אין האַרץ — קומט פֿון דרויסן,
פֿון לעבן אַזוי ווי אין סדום.

ג

אומענדלעך גרויס איז דער באַוווינטער מידבר
ווו דער נישט־געשריבענער געזעץ, איז: כּוח,
רויער כּוח וואָס איז ווײַט פֿון האַרץ
און ווײַט פֿון מוח.

איז אָך און ווי צו דעם וואָסווידערשפּעניקט
און איז מורד קעגן מידבר־קעניג,
וואָס געוווינט איז — האַלטן אונטערטעניק
זײַנע אונטערטאַנען
און אין זײַנע ריַיטוואָגנס — צו שפּאַנען די
וואָס לאָזן זיך ווי פֿערד און אייזלען — שפּאַנען.

ד

די הײַזער אין שטעט פֿון באַוווינטע מידבריות —
האַלטן זיך אַלע צוזאַמען,
שפּאַרן זיך אָן איינס אָן צווייטן,
האַלטן זיך אונטער;
נאָר די באַוווינער אין זיי —
זענען ווײַט זיך פֿון נאָענט
און פרעמד זיך אין היימישער שכנות;
די וווינונגען זענען מלוכות
מיט אייגענע גענג פֿון רעזשימען
אין וועלכע עס טאָר זיך נישט מישן
אַפֿילו דער נאָענטסטער שכן;
ער טאָר נישט אַריבער די גרענעץ —
אַפֿילו בײַ אָפֿענע טירן.
דערפֿאַר — קוקן איינער צום צווייטן אַרײַן
דורכן שליסלאָך,
וואָס אין דער טיר, דער פֿאַרמאַכטער....

ה

אין באַוווינטן מידבר זענען הײַזער — בינשטעק,
און די איינוווינער — די בינען,
בינען, וועלכע טראָגן אָנשטאָט האָניק —
זיסקייטן פֿון גיפֿט
און שטעכיקייט פֿון דערנער
זיך צו שיצן איינער קעגן צווייטן...

אין באַוווינטן מידבר
האָבן טירן — אויגן,
אויגן, וועלכע זעען דיך,
און דו — דו זעסט נישט דעם,
וואָס האָט דיך אויפֿן אויג...

ו

דער איינציקער באַוווינער
אינעם נישט־באַוווינטן מידבר
איז — דער ווינט
אויף די נאַקעטע זאַמדן,
וואָס לאָזן טאָן מיט זיך
וואָס עס געפֿעלט אים:
גלעט ער זיי,
רונדיקט זיי בײַכיק און ברוסטיק,
פֿאַרעמט זיי,
מאַכט זיי געשטאַלטיק,
באַלעבט זיי,
וועקט אין זיי דאָרשט
וואָס ער קאָן זי נישט שטילן,
שרײַבט אויף זיי מידבר־כּתב,
מאַכט היעראָגליפֿן,
מעקט אויס דאָס געשריבענע —
ווידער צו שרײַבן;
אָט נעמט ער אַ זשמעניע אַ פֿולע מיט זאַמד
און שיט און צעשיט אים
אויף לינקס און אויף רעכטס,
ווי דער זייער — די גילדענע זריעה אין פֿעלד
און טראָגט אַזוי, זשמעניעווײַז, זאַמדבערג אַריבער
פֿון איין אָרט צום צווייטן,
פֿון איין אָרט צום צווייטן,
אַזוי — ביז די זון לאָזט דעם קאָפּ דעם צעפּלאַמטן
אַראָפּ אויף אַ זאַמדבאַרג

און לעשט זיך,
פֿאַרלעשט זיך,
און דער מידבר־ווינט — אַן אָפּגעקילטער —
פֿאַלט צום אָפּגעקילטן זאַמדגעלעגער צו
און דרעמלט אין דער פֿינצטער דורך
אַ פֿיבערדיקע מידבר־נאַכט.

## נישט שטענדיק

נישט שטענדיק קאָן מען זינגען סתּם, לשמה,
לשם געזאַנג פֿאַר שיינקייט, גלאַנץ און פּראַכט —
די הימלען זענען אויך נישט שטענדיק בלאָ
און, ס׳לײַכטן נישט קיין שטערן יעדע נאַכט.

נישט שטענדיק איז דאָך יום־טובֿ, און ס׳געמיט —
נישט שטענדיק גרייט איז אויפֿנעמען געזאַנג;
פֿאַראַן אַ צײַט ווען ס׳קאָן נישט זײַן אַ ליד —
אַ שפּיל פֿון וואָרט, אַ שפּיל פֿון פֿאַרב און קלאַנג.

איך זאָג עס קעגן יענע זינגער בלויז,
וואָס וויקלען זיך אין נעפּל און אין סוד,
און זינגען שטענדיק זייער אומזין אויס,
ווי עפּעס גרויס און הייליקס, ווי געבאָט,

און לאָזן שיין־ווערטער אַרויס מיט פֿאַרביקייט,
ווי זייפֿבלאָזן — צום פּלאַצן און פֿאַרגיין,
און האַלטן נישט פֿון רעדן קלאָרע רייד,
און האַלטן נישט פֿון לידער צום פֿאַרשטיין...

און האַלטן נישט פֿון מיר — ווײַל כ׳קאָן לשמה,
ווי זיי — נישט זינגען וועגן גלאַנץ און פּראַכט.
די הימלען זענען אויך נישט שטענדיק בלאָ
און ס׳לײַכטן נישט קיין שטערן יעדע נאַכט.

## אַרבעטער־קוואַרטאַלן

שמאָל, ווי דורכגעצויגענע קאַנאַלן,
ליגן זיי,
די הינטערשטאָטישע צונויפֿגעפּרעסטע גאַסן —
אַרבעטער־קוואַרטאַלן.

אָנגעוואָרפֿענע,
ווי צייגער שלעכט צעוואַקסענע, פֿאַרגעלטע —
ליגן הײַזלעך איינס אויף ס׳אַנדערע,
באַטרעפּלטע, באַשוועלטע,
באַהאָנגענע מיט גאַניקעס, ווי בריקלעך אַלטע,
אונטער טירן צוגעפֿאַלענע צו גראָע ווענט,
וואָס קוקן בעטלעריש מיט פֿענצטער,
ווי מיט אויגן אויסגעלאָשענע און קאַלטע,
איבער רינעס בלאָלער־אָנגעדראָלענע,
ווי אָדערן אויף האָרעפּאַשנע הענט...

שמאָל, ווי דורכגעצויגענע קאַנאַלן,
ליגן זיי,
די הינטערשטאָטישע צונויפֿגעפּרעסטע גאַסן —
אַרבעטער־קוואַרטאַלן.

ציִען טעג, ווי יאָרן, דורך דורך זיי,
ווי קרעכצנדיקע רעדער פֿון אַ שווערן וואָגן;
ליגן נעכט אין זיי צעלייגט,
ווי הונגעריקע בייזע הינט,
וואָס בילן, בילן, ביז ס׳הייבט אָן צו טאָגן,

און אויף סירענע־רוף פֿאַרלאָזן מענער
הויז און ווײַב און קינד,
און — גייען, גייען, גייען,
ווי פֿאַרפֿינצטערטע, צעשאָטענע אַרמייען,
ערגעץ אָפּ, זיך שלאָגן
מיטן שונא: נויט,
און ברענגען נאָך דער שלאַכט אַהיים — אַ ברויט...

## פּאַטריאַ

פּאַטריאַ, פּאַטריאַ!
ס׳לעבן איז נישט אָט אַזוי ווי דיר גייט זיך איצט,
נישט אַזוי ניחא און ליב, ווי עס פֿרייט זיך איצט,
ס׳לעבן איז נישט אַזוי פֿריַי, ווי עס דאַכט זיך דאָ,
נישט אַזוי זאָרגלאָז און לײַכט, ווי עס לאַכט זיך דאָ;
ס׳לעבן איז נישט ווי דער ימיקער צויבערפֿלאַך,
נישט ווי זײַן אויבערפֿלאַך
איבער דער טיף,
און נישט ווי אין ערשטן און צווייטן קלאַס — אויבן,
נאָר מער אין די אונטערשטע קלאַסן פֿון שיף;
נאָר אונטן, נאָר אונטן, צוקאָפּנס דעם קעסל,
ווו ס׳אָטעמט די אָרעמקייט שווער און געדיכט —
פֿאָרט מיט, מיט די הינטישע לעבנס, דער א מ ת,
און איך — דער פּאָעט, פֿאַר דעם אונטערשטן שיכט.

## פֿאַסאַזשירן פֿערטע קלאַס

— מיר פֿאָרן פֿערטע קלאַס
ווײַל ס'איז קיין פֿינפֿטע קלאַס נישטאָ —
ווי‫צלען זיך און טרײַבן שפּאַס
די פּאַסאַזשירן אויפֿן דנאָ
פֿון שיף.

— מיר ליגן טאַקע טיף
און חזיריש, און עסן נישט צו זעט —
מיר זענען אָבער אויך נישט אַבי ווער און וואָס —
אַט פֿאָרט מיט אונדז אַ שרײַבער, אַ פּאָעט,
ווײַזט אויס: אַן אייגענער, פֿון זעלבן שטאַנד,
טאָ זאָל ער זײַן באַגריסט אין אונדזער מיט,
און זאָל ער אונדז באַשרײַבן דאָ
און פֿאָרליינען ספּעציעל פֿאַר אונדז אַ ליד.

(דאָס מיינט מען מיר, און כ'לאָז זיך לאַנג נישט בעטן)
פֿונדערהויך, פֿון ערשטן, צווייטן קלאַס,
דערטראָגן קלאַנגען זיך פֿון דזשאַז
צו טענץ פֿון שאַנד און שונד,
און אונטן — אונטן שטיי איך, און איך לייען
פֿאַר פּאַסאַזשירן פֿערטע קלאַס —
אַ ליד פֿון האַס
און בונט:
און אוי'רן זענען אויפֿגעשפּיצט,
און אויגן — אויפֿגעבליצט
און ווי אַנטצינדן — רויט,
און ברוסטן הייבן זיך בײַם אָטעמען, ווי ים־כוואַליעס,
וואָס זענען ווען, אויף אומגעהויערס גרייט.

## סדום

סדום איז נישט אין סדום
בײַם טויטן ים המלח.
סדום איז דאָרט —
ווו טויבן האָבן מורא זיך אַראָפּצולאָזן
פֿונדערהויך — אויף דר׳ערד,
און וועלן אויף דער ערד נישט וואַגן
זיך אַרויפֿשטעלן בײַ וועמען אויפֿן אַקסל,
און צו נעמען שפּײַז פֿון יענעמס האַנט.

סדום איז דאָרט —
ווו קינדער שפּילן זיך אין יאַגד
אויף בלודנע קעץ און הינט,
וואָס ליגן שפּעטער טויט־פֿאַרשטיינט
אין סאַמע מיטן גאַס פֿון שטאָט,
ווו רעדער פּרעסן זיי אַריין
אין אַספֿאַלטירטן ברוק.

און סדום איז דאָרט —
ווו מענטשן גייען איבער מענטשן,
ווי זיי גייען איבער טרעפּ;
און דאָרט — ווו איינער וואַרפֿט אַרויס
וואָס ס׳וואָלט גענוג געווען פֿאַר צען —
נישט אויסצוגיין פֿון הונגער.

סדום איז נישט אין סדום
בײַם טויטן ים המלח.

## פֿרײַהייט

נישטאָ קיין גרעסער גליק ווי — פֿרײַ זײַן, פֿרײַ,
אַן אומבאַגרענעצטער,
אַ נישט־געצווימטער זײַן —
די פֿרײַהייט זאָל אַרויסשרײַען פֿון דיר:
די וועלט איז מײַן!
די גאַנצע וועלט איז מײַן
און, מיר — דעם מענטש — געהערט
דאָס רײַך פֿון הימל,
און דאָס רײַך פֿון דר׳ערד,
און אויב ס׳געהערט נישט מיר —
באַדאַרף עס מיר געהערן,
מיר און דיר און, אַלע
וועלכע בויען און צעשטערן,
אַז ס׳זאָל נײַערס, שענערס, בעסערס,
מענטשלעכערס געשאַפֿן ווערן.

# שוואַרצע

## אַפֿריקע

אַ לאַנד אַ גרויס, אַ לאַנד אַ שיין, אַ רײַך,
נאָר ס׳הערט זיך נישט פֿון פֿייגל קיין געזאַנג,
און הייבן זיי זיך אין די הימלען אויף —
האַלטן זיי זיך אינדערהויך נישט לאַנג.

די אַפֿריקאַנער בלומען וואַקסן גרויס,
מיט ווונדערלעכע פֿאַרבן אָן אַ שיעור,
נאָר ווייסט איין גאָט פֿאַרוואָס זיי שמעקן נישט
און זעען אויס ווי בלומען פֿון פּאַפּיר.

אַ לאַנד אַ גרויס, אַ לאַנד אַ שיין, אַ רײַך,
אַ לאַנד פֿון מילך און האָניק, גאָלד און אַרץ;
אַ לאַנד פֿון זון, נאָר — פֿינצטער איז אין אים
די יעניקע, וואָס זייער הויט איז שוואַרץ...

## שוואַרצע זינגען

צוויי־דרײַ שוואַרצע, צוויי־דרײַ שטימען,
אַ געזאַנג פֿון צוויי־דרײַ טענער
און — עס דאַכט זיך, אַז מען האָט נאָך
נישט געהערט ווען זינגען שענער.

אַ געזאַנג פֿון צוויי־דרײַ טענער,
און דו הערסט זיך אײַן פֿאַרוווּנדערט:
צוויי־דרײַ שוואַרצע, צוויי־דרײַ שטימען,
און עס דאַכט זיך: ס׳זינגען הונדערט.

און דו הערסט זיך אײַן פֿאַרוווּנדערט:
ווי אַ פֿאָלק וואָס איז פֿאַרקנעכטיקט —
זינגט נישט, ווי עס זינגען שקלאַפֿן,
איז אין זינגען נישט אָנמעכטיק.

ווי אַ פֿאָלק, וואָס איז פֿאַרקנעכטיקט,
זינגט מיט שטאַרקע, פֿולע ברוסטן,
זײַנע לויב און ליבעלידער,
זײַנע בענקשאַפֿטן און גלוסטן.

זינגט מיט שטאַרקע, פֿולע ברוסטן,
ווי אַ פֿאָלק אַ נישט דערשלאָגן,
וואָס נישט אייביק וועט עס אין־זיך
צו זײַן פֿײַנט די שנאה טראָגן.

ווי אַ פֿאָלק אַ נישט דערשלאָגן —
זינגען שוואַרצע אין די קראַלן *
ווו זיי לעבן אָרעם, נאַקעט
אָבער — שטאָלץ און נישט געפֿאַלן.

* קראַלן — דערפֿער.

## שוואַרצע שפּילן

האָבן שוואַרצע נישט מיט וואָס דעם טאָג דעם גרויסן, אויסצופּילן —
גייען זיי אַרום — די שאָטנס אינעם לאַנד פֿון גאָלד און — שפּילן,
שפּילן — צו פֿאַרשפּילן זיך, צו מאַכן לײַכטער זיך און גרינגער —
טוליען זיי צום האַרץ גיטאַרעס; צערטלען זיי מיט צוויי־דרײַ פֿינגער,
צופּן פֿון אַ צוויי־דרײַ סטרונעס, צוויי־דרײַ שוואַכע, לויזע קלאַנגען,
ווי אַ ווינטל וואָלט זיי אָנגעטראָגן פֿון אַ פֿעלד מיט זאַנגען —
ציטערן זיי דין און האַרציק, נאָגנדיק און מאָנאָטאָניק,
אָרעם, ווי דאָס לעבן זייערס, אינעם לאַנד פֿון מילך און האָניק.

האָבן שוואַרצע נישט מיט וואָס דעם טאָג דעם גרויסן, אויסצופּילן —
גייען זיי אַרום בײַ זיך, ווי שפּילער אינדערפֿרעמד און — שפּילן.

## דזשאָן מיט זײַנע גיטאַרעס

— דזשאָן, וואָס דאַרפֿסטו צוויי גיטאַרעס?
קריגסט פֿאַר איינע געלט אויף שיך.

— איך דאַרף קיין שיך נישט „סער", איך דאַרף נישט,
כ'דאַרף גיטאַרעס צוויי פֿאַר זיך,
איך וועל זיי נישט פֿאַרקויפֿן —
ס'קאָן זיך דאָך פֿאַרלויפֿן,
איינע זאָל צעבראָכן ווערן,
וועל איך קיין גיטאַרע האָבן —
ווער זשע וועט מיך דעמאָלט הערן?!
ניין, כ'פֿאַרקויף נישט מײַן גיטאַרע,
ווי כ'פֿאַרקויף נישט „סער", מײַן האַרץ,
וואָס די ווײַסע טרעטן מיט די שטיוול —
ווײַל מײַן הויט איז שוואַרץ.

גייט דזשאָן אַרום מיט זײַנע צוויי גיטאַרעס:
איינע — פֿאָרנט — הערט נישט אויף צו מאָנען,
און די צווייטע — הינטן, אויף די פּלייצעס —
רוט דערווײַל און האָרכט זיך אײַן אין דזשאָנען...

## דער טאַנץ ביַים „מיין״ *

אין אַ זונטיק־פֿרימאָרגן, צופֿוסנס דעם „מיין״,
ביַי דעם באַרג, וואָס באַגאָסן מיט ליכט איז, און שיין,
ביַי דעם זאַמדיקן באַרג מיטן גאָלדענעם גלאַנץ —
גייען שבטים פֿון שוואַרצע — פֿאַר וויַיסע אַ טאַנץ.

ס׳האָבן שוואַרצע דעם אַמפֿיטעאַטער געבויט
צו פֿאַרוויַילן נאָר די, וואָס ס׳איז שוואַרץ זייער הויט,
און ס׳איז שוואַרץ ווי די הויט — זייער גורל פֿון פּיַין —
פֿון אַרויסגראָבן גאָלד פֿאַר די וויַיסע, פֿון „מיין״.

קומען וויַיסע צום זונטיק־ספּעקטאַקל צו גיין,
ווי עס וואָלטן די שוואַרצע פֿאַר זיי נאָר אַליין
זיך פֿאַרגאַנגען אין טאַנץ, מיט געפּויק און געקלאַנג,
אַ געקלאַנג ווי פֿון קייטן, וואָס פּענטען דעם גאַנג.

ס׳טאַנצן זולוס, באַסוטוס, דער קסאָז און דער סוואַז,
פֿאַלן לאַנגזאַם אַריַין אין אַ ווילדן עקסטאַז,
ווי עס וואָלטן ראַבאָטן פֿון שוואַרצן טשוגון
נישט פֿאַר מענטשן געטאַנצט, נאָר פֿאַר הימל און זון,
און פֿאַר זיי, פֿאַר די ברידער, די גרעבער פֿון גאָלד,
וואָס זיי טאַנצן צום שטאַרקסטן — דעם טאַנץ פֿון רעוואָלט.

* מיין — גאָלדשאַכט, גאָלדמינע.

## דער טאַנץ פֿון די זולוס

די זיגער האָבן ליב צו זען ווי ס'טאַנצן די באַזיגטע.
דער קריגטאַנץ פֿונעם זולו־שבט האַלט געשפּאַנט די ווײַסע,
עס ווײַלט זיי, ווען פֿון שוואַרצע לײַבער רײַסן זיך דערשטיקטע
די כוחות, די באַזיגטע — אין אַ קריגטאַנץ ווי אַ מעשה.

עס טאַנצט אַ יעדער מוסקול און אַ יעדער גליד באַזונדער,
ס'באַגלייט זיי נאָר אַ ווילד געפּויקערײַ ווי צום פֿאַרטויבן
און, וועקט אַ פֿײַער אויף אין זיי און, אַן עקסטאַז —
אויף וווּנדער! —
ווי ס'וואָלטן טיף־דערשלאָגענע צוריק זיך אויפֿגעהויבן:

זיך אויפֿגעהויבן מיט אַ ברען פֿון שׂנאה אין די אויגן,
ווי ס'וואָלטן פּיס אַרויף אויף יענע ברענענדיקע שפּורן —
ווען ס'האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן זייער פֿײַל פֿון בויגן —
די גוט־באַוואָפֿנטע, די איבערפֿאַלנדיקע, בורן.

דאָס בורן־פֿאָלק געדענקט זיי גוט, כאָטש ס'האָט זיי נישט
פֿאַרשריבן,
עס האָט גענוג געהאַט פֿון זיי צו זינגען און צו זאָגן,
פֿון דעמאָלט איז די זולוס נאָר דער העלדנטאַנץ געבליבן,
אַ טאַנץ וואָס ווײַזט ווי זולוס וועלן זיך אַמאָל נאָך שלאָגן.

## גאָט איז שוואַרץ

אויף אַ ווייַסער דרויסנוואַנט
פֿון אַ געבעטהויז פֿאַר די שוואַרצע —
האָט מיט שוואַרצער קויל,
אַ שוואַרצער אויפֿגעשריבן
מיט דער האַנט דער שוואַרצער:
גאָט איז שוואַרץ!
און ס׳האָט די שוואַרצע אויפֿשריפֿט
ווי אַ שוואַרצע דראָונג —
שוואַרץ אַראָפּגעשריגן
צו דער גאַס דער ווייַסער,
און זי פֿול־געמאַכט מיט שוואַרצן אומרו
פֿאַר אַ שוואַרצן שטורעם,
וואָס עס זאַמלען די שוואַרץ־הויטיקע
פֿאַר זייערע דעראָבערער:
די שוואַרץ־פֿאַרהאַסטע ווייַסע,
אין די היימלענדער פֿון שוואַרצע.

# ייִדיש

## ייִדיש

ייִדיש איז דאָס ליים, דאָס רויע ליים
פֿון וואָס די אָרעמקייט קנעט אויס
די ציגל צו אַ היים.

פֿון ליים געקנאָטן ווערט דאָס ייִדיש וואָרט,
וואָס איז מיט גורלדיקס געפּאָרט.

און ווי דער טעפּער קנעט פֿון ליים,
קנעט אויס פֿון רוי־ערד
טעפּ און קריגעלעך,
און פֿילט זיי אָן מיט טרויער —
קנעט און פֿורעמט פֿונעם ליים,
אַ ייִדישער פּאָעט —
זיין ליד, זיין ייִדיש,
וואָס איז אָרעם, נאַקעט
אָבער — שטראַליק, מלכות׳דיק — אויף חידוש.

## די היים פֿונעם דיכטער

די היים פֿונעם דיכטער איז דאָרט ווו מען הערט אים,
און נישט — ווו ס׳איז אָפּריכטן גלות, באַשערט אים —
ווי מיר איז באַשערט, צווישן אייגענע ברידער
אַרומגיין און פֿילן זיך פֿרעמד און דערווידער —
פֿאַר זינגען אויף ייִדיש (וואָס גרילצט זיי אין אויער) —
מײַן היימליד פֿון ליבע, פֿון פֿרייד אָדער טרויער.

## עס הערט מיך די פֿרעמד...

איך באַזינג זי, מייַן היים, נאָר עס הערט מיך — די פֿרעמד,
(כ'בין דער פֿרעמד מער באַקאַנט ווי אין אייגענעם לאַנד)
ס'האָט די פֿרעמד נאָך דאָס ליד מייַנס אַזוי נישט פֿאַרשעמט,
ווי עס טוט עס מייַן היים, ווּו איך זינג פֿאַר דער וואַנט —
ווייַל מען האָט דאָ דאָס ייִדישע לשון מייַנס, פֿייַנט,
ווי איך וואָלט צווישן גויים אַרומגיין — אַ ייִד
און — געזוכט בייַ זיי לייַטזעליקייט און אַ פֿרייַנט,
און געזוכט אין מייַן היימלאַנד, אַ היים פֿאַר מייַן ליד.

## לאָזט מיך ענדיקן...

לאָזט מיך, לאָזט מיך ענדיקן דאָס ליד,
וואָס אָנגעהויבן האָט די מאַמע ביַי מיַין וויגעלע,
איַין האַלבער נאַכט, צעבראָכן, שוואַך און מיד —
געוויגט, פֿאַרוויגט מיך מיט אַ „גאָלדן ציגעלע״,
מיט „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען״
און מיט נאָך און נאָך
אַ סך אַזעלכע שיינע, גוטע זאַכן,
וואָס דער טאַטע וועט מיר ברענגען, —
אויב איך וועל די אייגעלעך פֿאַרמאַכן:
האָט די מאַמע מיר געזונגען און געוואַרט,
געוואַרט, איך זאָל אַנטשלאָפֿן ווערן,
און אַליין אַ שלעפֿריקע —
זינגענדיק באַוואַשן זיך מיט טרערן.

לאָזט מיך, לאָזט מיך ענדיקן מיַין ליד
מיט וואָס כ׳האָב אָנגעהויבן זיך צו וויַיזן,
מיט נישט זיכערע, מיט ערשטע טריט
נאָך „דאָרטן״ צווישן „עמך, שער און איַיזן״;
ס׳ליד פֿון אויפֿקום און פֿון אומקום,
ס׳ליד וואָס מיַינע ברידער האָבן
אויך אין געטאָ עס געזונגען, און אין קאַמף —
נישט לאָזנדיק זיך לעבעדיק באַגראָבן.

לאָזט מיך ענדיקן אויף מאַמע־לשון, ייִדיש —
דאָס געקווילעטע געזאַנג פֿון י ע נ ע ט ע ג,
ווען אַ געפֿאַנגענער בייַם טויט האָט אויפֿגעשריבן:
„זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״.

## ניט געשטאָרבן...

ניט געשטאָרבן איז די מאַמע, מאַמע־לשון ייִדיש.
ניט געשטאָרבן.
די מאַמען, מאַמע־לשון ייִדיש,
האָט מען אומגעברענגט
צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן,
וואָס האָבן אויף די ליפּן עס געטראָגן
ביזן לעצטן אָטעם־צי.

צו אונדזער גרויסער חרפּה,
און צו אונדזער גרויסן ווייטיק,
האָבן אינעם טויט פֿון ייִדיש
אויך אַ חלק, יענע ייִדן,
וועלכע האָבן ביז פֿאַרלייקענונג — געשעמט זיך
מיט דער גלות־מאַמע, מאַמע־לשון ייִדיש, —
ווי זיי שעמען זיך מיט אייגנס,
אויך בײַ זיך שוין:
אינעם לאַנד פֿון די נביאים.

## פֿאַר וועמען

פֿאַר וועמען זינגען מיר, פּאָעטן ייִדישע ? —
אַז ייִדיש האָט פֿאַרלוירן שוין די היים
וווּ ס'האָבן אויך די פֿייגל דאָרט, די היימישע,
געזונגען ייִדיש פֿון אַ יעדן בוים.

די ביימער שטייען נאָך; די פֿייגל זינגען נאָך,
נאָר ייִדיש — ייִדיש זינגט איצט נאָר דער ווינט
וואָס וועקט שוין נישט און שרעקט שוין נישט און, רייצט נישט מער
און לאָזט שוין רויִק שלאָפֿן אויך די הינט...

## מייַן שפּראַך

מייַן שפּראַך בלייַבט די שפּראַך פֿון מייַן מאַמען,
און כ׳דאַרף פֿאַר מייַן ליבע צו איר — נישט פֿון קיינעם קיין היתר:
איך אָטעם מיט יידיש, אַזוי ווי מיט לופֿט — ווען אַפֿילו
זי שמעקט מיט געפֿאַלענע, האַרבסטיק־צעשאָטענע בלעטער...

איך קאָן נישט דאָס לשון מייַנס טוישן
אַזוי ווי אַ העמד — ס׳ליגט אין בלוט מיר, אין בלוט און אין טרערן;
איך זינג און וועל זינגען אויף יידיש — ווי לאַנג איך וועל וויסן
אַז ס׳איז נאָך פֿאַראַן ווו אַזאַ, וואָס וויל יידיש מיך הערן.

## אַז אַ יורש

אַז איך וועל שטאַרבן —
שטאַרבן מיט מיר
די איינציקע, מיר נאָענטע,
וואָס האָבן מיר אַ לעבן לאַנג געמאַכט דעם טויט:
מײַן ווײַב — די מוזע מײַנע,
וואָס האָט מיר נישט איינמאָל
געוואָרפֿן „דעם גט פֿאַר די פֿיס״;
די קינדער — מײַנע לידער,
וואָס פֿלעגן (געראָטן אין דער מאַמען) —
כּסדר מיך פֿאַרלאָזן
און מיך איבערלאָזן מיט דער ליידיקייט
אין וועלכער ס׳האָט זיך שטום צעלייגט דער טרויער.

הלוואי עס זאָל נאָך מיר כאָטש מאַריך־ימים־זײַן
דאָס לשון פֿון מײַן ליד —
מײַן מאַמע־לשון ייִדיש,
וואָס איז קראַנק ווי ס׳איז אַ בוים
וואָס אַ פֿאַרשוועמונג האָט אָפּגעריסן אונטער אים די ערד
און שטיין־געלאָזט אים נאַקעט ביזן שורש.

שטאַרב איך —
לאָז איך נישט נאָך זיך קיין יורש.

# אינהאַלט:

## היים און פרעמד



## פֿון מײַן שיר השירים

## פֿונדערזײַט



## איך, מיט זיך



## לײַטערונג

## ביימער



## גאָלדענע זאַמדן

## פֿון צווייטן בראשית



## איבער חורבות



## אין באַווינטן מידבר

## שוואַרצע



## יִדיש

## פון זעלבן מחבר — ביז איצט דערשינען:

אין זוניקן לאַנד — וואַרשע — 1927
רויט אויף שוואַרץ — וואַרשע — 1929
גאָלדענע זאַמדן — וואַרשע — 1932
סערגיי יעסענין — פֿון רוסיש — וואַרשע — 1933
אונטער פֿײַער — תל־אביב — 1939
מן הטנא — פֿון ייִדיש — תל־אביב — 1939
געקליבענע לידער — ניו־יאָרק — 1947
אַן עלנט הויז — פּראָזע — תל־אביב — 1950
פֿרוכט פֿון ווינט — יאָהאַנעסבורג — 1952
מײַן שיר השירים — תל־אביב — 1953
היימישע און נאָענטע — תל־אביב — 1959
די זון הינטער מיר — תל־אביב — 1961
פּרי גני — פֿון ייִדיש — תל־אביב — 1962
פֿון צווייטן בראשית — תל־אביב — 1964
מײַן שיר השירים — צווייטע אויפֿלאַגע — תל־אביב — 1966
איבער חורבות — תל־אביב — 1967
אין ליכט פֿון פֿאַרגאַנג — תל־אביב — 1969
סערגיי יעסענין — צווייטע אויפֿלאַגע — תל־אביב — 1970
בשערי הקשת — פֿון ייִדיש — תל־אביב — 1971
ירושלים אין ייִדישן ליד — אַנטאָלאָגיע — תל־אביב — 1973
פֿון אַלץ צו ביסלעך — פּראָזע — תל־אביב — 1974
אין ווײַסן עלטער — תל־אביב — 1976